כאוועל
פּאוועל

# לאבזיק



(צווייטער בוך)

קאָאָפּעראַטיווער פאַלקס-פאַרלאַג
פון אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער אָרדן

# כאוועל פּאוועל

# לאַבזיק



(צווייטער בוך)

נאָך מייסעלעך וועגן קלוגן הינטעלע לאַבזיק

•

צייכענונגען פון

זוני מאָוד

•

קאָאָפּעראַטיווער פאָלקס-פאַרלאַג
פון אינטערנאַציאָנאַלן ארבעטער אָרדן

●

אויך דעם צווייטן בוך לאַבזיק שענק איך אַוועק צו איטשע גאָלדבערגן
וואָס האָט געהאָלפן לאַבזיקן באַשאַפן ווערן.

●


209

# לאַבזיק אַף אַ קאָנצערט



זאָל מען יאָ מיטנעמען לאַבזיקן, צי זאָל מען אים ניט מיטנעמען? — אָט דאָס איז געווען די פראַגע.

בערל דער אָפּערייטאָר האָט געזאָגט:

— אַז אַ קאַפּאַרע, זאָל מען אים יאָ מיטנעמען.

די מאַמע האָט געזאָגט:

— האָסטו געזען אַזוינס? וואָס וועט ער דען דאָרטן טאָן? ער וועט דען פאַרשטיין?

מוליק האָט געזאָגט:

— וואָסי, איר קענט אים דען נאָך ניט, דעם לאַבזיק-קאַפּאַבזיק? ער וועט מיר נאָך אָנמאַכן צאָרעס.

און ריפקע האָט געזאָגט:

— וואָס הייסט, מיר וועלן אים ניט מיטנעמען? וואָדען, ער וועט זיצן איינער אַליין אין דער פינצטערער שטוב, נעבעך? אַזאַ טייערער לאַבזיק.

— אַ קאַפּאַרע, ריפקעלע איז טאַקע גערעכט — מאַכט דער טאַטע בערל און גיט דער טאָכטער אַ גלעט — וואָדען, אים איבערלאָזן אין דער פינצטערער שטוב, נעבעך?

אָבער מוליק וואָרפט זיך, ער איז עפּעס ניט צופרידן.

— האָסטו געזען, ווי ער וואָרפט זיך? — ווערט אַ ביסל בייז די מאַמע מאַלי אַף איר זון מוליקן — וואָדען, אים איבערלאָזן אין דער פינצטערער שטוב, נעבעך? — נעמט זי זיך שוין אויך אָן פאַר לאַבזיקן.

— ניט צוליב לאַבזיקן וואָרף איך זיך — פאַרענטפערט זיך דער אינגל — ס'איז צוליבן סאָף פון שפּיל.

— וואָס איז אַזוינס מיטן סאָף פון שפּיל? — וויל דער טאַטע בערל וויסן.

דערציילט מוליק אַ טרויעריקער, אַז די שפּיל, וואָס זיי פירן אויף באַם קאָנצערט, האָט זייער אַ שוואַכן סאָף. די קינדער זיינען ניט צופרידן מיטן סאָף, און די לערערן איז אויך ניט צופרידן מיטן סאָף.

— דערציייל מיר דעם סאָף — רופט זיך אָן דער טאַטע בערל.

— אַז ס'איז אינגאַנצן ניטאָ קיין סאָף — ענטפערט מוליק. — מען זינגט בלויז אַ ליד, און מיט דעם ענדיקט זיך.

— אויב אַ ליד, איז דאָך גוט — זאָגט דער טאַטע.

— טאַקע גוט — זאָגט מוליק, — אָבער יעדע שפּיל ענדיקט זיך מיט אַ ליד.

— נו, וועט זיך די שפּיל אויך ענדיקן מיט אַ ליד — מישט זיך אַריין די מאַמע מאַלי.

האַקלאַל, גייט מען שוין. מוליק פאָרויס, אַ ניט-צופרידענער, וואָס די שפּיל האָט ניט קיין סאָף. נאָך אים דער טאַטע בערל אין זיין נייעם רעקל. (ס'הייסט — ס'איז ניט ניי, נאָר ס'איז גוט אויס־געבערשטלט — קוקט דאָס אויס ווי ניי.) לעבן אים די מאַמע מאַלי מיט ברוינע הענטשקעס אָף די הענט. (אַפילע ס'איז וואַרעם אינדרויסן, אָבער די מאַמע מאַלי האָט זייער ליב צו טראָגן הענטשקעס. זי דענקט, אַז הענטשקעס טראָגן איז זייער אַ שיינע זאַך.) נאָך דעם טאַטן בערל און דער מאַמען מאַלי גייט ריפקעלע מיט לאַבזיקן. ריפקעלע אין אַ נייִ רויט היטעלע.

ס'איז געווען אַ וואַרעמער אָוונט אין דזשעקסאָן עווענױ. איז מען געזעסן אָף די סטופּס און בערל האָט באַ יעדן סטופּ געזאָגט:

— אַ גוטן אָוונט אייך, אַ גוטן אָוונט אייך.

האָט מען אים געענטפערט פון יעדן סטופּ:

— אַ גוטן אָוונט אייך, אַ גוט יאָר אייך.

לאַבזיק איז דערווייל אַריינגעשפּרונגען צו מוישע-יוינען אין קענדי-סטאָרקע. לאַבזיק און מוישע-יוינע זיינען אַלטע גוטע פריינט. מוישע-יוינע איז אַ איד מיט אַ באָרד און מיט אַ ווייסן פאַרטעך. שמייכלט שטענדיק צום הינטעלע און רופט אים ניט לאַבזיק, נאָר לאַבזיק (מיט אָן אַ).

— אַ גוטן אָוונט דיר, לאַבזיק. ס'קאַצל קומט.

און לאַבזיק דרייט מיטן ווײדעלע, גיט אַ שמאָרע מיטן נעזעלע און לויפט צוריק אַרויס. דאָס האָט ער בלויז אַזוי געוואָלט אַ קוק טאָן, וואָס עס מאַכט זיין פריינט מוישע-יוינע.

האַקלאַל, קומט מען צו דער שול. באַ דער טיר זיצט דער סעקרעטאָר פון דער שול באַ אַ טישל און זאָגט: „בילעטן, זייט אַזוי

גוט.“ גיט דער טאַטע בערל זיין בילעט, די מאַמע מאַלי אירן, מוליק און ריפקעלע זייערע. און לאַבזיק? לאַבזיק דאַרף ניט האָבן קיין בילעט. ער איז שוין פון לאַנג אינעווייניק. אַט וועט ער נאָך גיין האָבן צו טאָן מיט בילעטן, איך זאָג אייך. און דער אינעווייניק איז פול מיט טאַטעס, מאַמעס, קינדער. מען זיצט אַף די בענק. מען שטייט באַ די ווענט. פון דער סטעליע הענגען אַראָפּ רויטע סטענגעס פּאַפּיר. אַלע זיינען אַזוי פריילעך, און לאַבזיק האָט ליב, אַז ס׳איז פריילעך. אַלע קענען אים, אַלע רעדן צו אים, גלעטן אים, און ער, לאַבזיק, מאַכט זיך מעשוגע. שפּרינגט איבער מענטשנס פיס, קריכט אַרויף אַף דער פּיאַנע און האַוועקעט פון דאָרטן אַפן אוילעם, כאַפּט אָן די לערערן באַם קליידל און וויל דאָס ניט אָפּלאָזן, ביז בערל מוז אָנשרייען אַף אים און זאָגן:

— אַ קאַפּאָרע, לאַבזיק, מאַך זיך ניט נאַריש.

נו, הויבט זיך אָן דער קאָנצערט. ס׳ווערט פינצטער אין זאַל. בלויז אַף דער קליינטשיקער בינע איז ליכטיק. און אַף דער קליינטשיקער בינע שטייען אויסגעשטעלט די קינדער פון דער שול; די אינגלעך אין ווייסע העמדלעך מיט רויטע שניפּסן, די מיידלעך אין ווייסע קליידלעך מיט רויטע שאַרפעס. די לערערן זעצט זיך באַ דער פּיאַנע די קינדער הייבן אָן צו זינגען שיינע לידער. און בעשאַס די קינדער זינגען, רופט זיך אָן די מאַמע מאַלי צום טאַטן בערלען:

— דו זעסט כאַטש, בערל, אונזער מוליקן, ווי דאָס פּאָנעם שיינט באַ אים? מיר זאָל זיין פאַר אים.

אַף דערויף האָט בערל געענטפערט:

— אַ קאַפּאָרע, פאַרוואָס זאָל דאָס פּאָנעם באַ אים ניט שיינען?

און ריפקעלע האָט דערווייל אַ זאָג געטאָן צו לאַבזיקן:

— דו זעסט, לאַבזיק, אונדזער מוליקן? מיר דאַכט זיך, אַז ער זינגט בעסער ווי אַלע קינדער.

אַף דאַרויף האָט לאַבזיק געענטפערט מיט זייער אַ שטילן: — האַוו, האַוו. ס׳הייסט, אַז ער שטימט איין.

לאַבזיק איז געווען זייער שטאָלץ מיט זיין מוליקן, און האָט גאָר אָנגעקוואָלן פון אים. און נאָך מערער שטאָלץ האָט זיך דאָס הינטעלע געפילט, ווען מוליק איז אַרויסגעטראָטן איינער אַליין און האָט דעקלאַמירט יאַסל קאַטלערס אַ ליד: „באַם פענצטער“. ס׳איז

אים געפעלן, לאַבזיקן, ווי מוליק שטרעקט אויס די האַנט און מאַכט:

זע איך אינדרויסן
אַ שניי פּאַלט אַרונטער,

און דערנאָכדעם, ווי ער לייגט די האַנט צום האַרצן און זאָגט:

הונגעריק בין איך,
ס'ווילט זיך אַזש וויינען.

אָבער פּלוצלונג פּאַסירט אַזאַ זאַך, וואָס בײַ לאַבזיקן האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן דאָס האַרץ גיך־גיך פון שרעק. ס'איז געווען דעמאָלט, ווען מוליק האָט פאַרגעסן אַ גאַנצע שורה פון ליד. ער איז געוואָרן בלאַס, אָנגעהויבן צו היקען, געזוכט מיט די אויגן די לערערן, אַז יענע זאָל אים אונטערזאָגן. לאַבזיקן איז אַזש באַפאַלן אַ קאַלטער שווייס אַפן שטערן. וואָס איז דאָ די צאָרע, האָט ער ניט געוואוסט, אָבער ער האָט שוין דערשמעקט לויט דעם, ווי דער אינגל האָט אויסגעקוקט אַזוי צעטומלט, אַז ס'איז אַ צאָרע.

דער דערשרעק האָט אָבער געדויערט בלויז אַ ווײַלע: מוליק האָט זיך גלײַך פון זיך אַליין דערמאָנט און אָנגעגאַנגען ווײַטער. און אַז ער האָט פאַרענדיקט, ווײַ, ווי מען האָט געקלאַפּט בראַוואָ. לאַבזיק קען דאָך ניט קלאַפּן בראַוואָ, האָט ער געהאַוקעט בראַוואָ.

אַזוי, ווי איר זעט שוין אַליין, האָט דאָס הינטעלע זייער האַנאָע געהאַט פון קאָנצערט, עפּשער נאָך מערער ווי די מענטשן. אָבער גייט ווייסט, אַז ס'וועט זיך טרעפן אַזאַ זאַך.

יאָ, האָט מוליק, הייסט דאָס, אָפּדעקלאַמירט, און דערנאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן די שפּיל, וואָס אַלע האָבן שוין געוואוסט, אַז ס'איז עפּעס ניטאָ קיין גוטער סאָף. אין דער שפּיל איז מוליק אַרויסגעקומען אָנגעטאָן ווי אַ מײַנער מיט אַ לעמפּל אַפן היטל. ס'הינטעלע האָט אַפילע אין אָנפאַנג ניט דערקענט מוליקן, אָבער אַז ער האָט זיך גלײַך געכאַפּט, ווער ס'איז דער מיטן לעמפּל אַפן היטל, האָט ער פון גרויס געדולע אַ לײַכטן בים געטאָן ריפּקעלען אין הענטל. אַף דערויף האָט ריפקע אַ מאַך געטאָן, ווי איר טאַטע בערל וואָלט אַ מאַך געטאָן:

— אַ קאַפּאָרע, ס'בײַסט גאָר, דער לאַבזיק.

דערווײַל, זעט ס'הינטעלע, ווי מוליק דער מײַנער רופט צונויף אַנדערע מײַנערס, און ווי ער שטעלט זיך אַף דער באַנק, און ווי ער

מאַכט מיט די הענט אַהין און צוריק און רעדט זייער הייס. דאָס האָט מוליק דער מיינער גערופֿן די איבעריקע מיינער אַף אַ סטרייק.

קוועלט אָן לאַבֿזיק פֿון דער שפּיל, און ער טראַכט אַז די בעסטע זאַך אַף דער וועלט איז אַ קאָנצערט. פֿאַרשטייט זיך, אַז גראַדע דאָס וואָרט קאָנצערט האָט ער ניט געוואוסט, אָבער וואָס ער האָט יאָ געמיינט מיט זיין טראַכטן איז, אַז ס'איז אים גוט ווי די וועלט.

אָבער פֿאַרוואָס האָבן זיך באַם הינטעלע פּלוצלונג אויפֿגעשטעלט די אויערן? און פֿאַרוואָס זיינען זיינע אויגן פּלוצלונג געוואָרן אַזוי דערשראָקן? און פֿאַרוואָס האָט ער פּלוצלונג אָנגעהויבן צו שאַרפֿן די ציינדלעך און אָנגעהויבן צו ברומען אין זיך, אין בייכעלע? דאָס האָט ער דערזען אַף דער בינע, ווי אַ פּאָליסמאַן מיט אַ קלאָב האָט זיך



אַנגעהויבן צו גאַנווענען פון אַ ווינקל. אַט, אַט. נו, אַז ס'איז אַזאַ געפּאַר פּאַר די מיינערס — וועט ער שווייגן?

קיינער האָט ניט באַמערקט, ווי לאַבזיק איז אַרויפגעשפּרונגען אַף דער בינע, וואָס מען האָט יאָ באַמערקט, ווי דאָס הינטעלע גאַנוועט זיך נאָכן פּאָליסמאַן, טריט נאָך טריט. האָט דער אוילעם געמיינט, אַז דאָס איז אַ טייל פון דער שפּיל, האָבן זיי פאַרהאַלטן די אָטעמס און געוואַרט, וואָס וועט דאָ זיין.

אָט הייבט שוין אויף דער פּאָליסמאַן זיין קלאָב, און אָט וויל ער שוין דערלאַנגען מוליקן איבערן קאָפּ. אָבער, ווי עס ציטערט דאָס ווײַדעלע באַ לאַבזיקן, ווי עס לויפן זיינע אייגעלעך גיך, גיך, ווי ער גיט זיך דאָס אַ שפּרונג אין דער לופטן, ווי ער גיט דאָס אַ כאַפּ אַריין דעם פּאָליסמאַנס האַנט אין זיינע ציינדעלעך, ווי היימי דער געלער (דאָס איז טאַקע געווען דער פאַרשטעלטער פּאָליסמאַן) הייבט אָן צו שרייען פון ווייטיק. ווי דער פאַרהאַנג גיט זיך אין דער מינוט אַ פאַרוק. און:

— בראַוואָ! בראַוואָ!

דאָס האָט אַזוי דער אוילעם געקלאַפּט מיט די הענט און געשריען בראַוואָ; געמיינט, אַז דאָס בייסן איז טאַקע דער סאָף פון דער שפּיל.

פאַרשטייט זיך, אַז די לערערן און די קינדער און שפּילער האָבן גאָרניט געוואוסט, וואָס צו טאָן פאַר פרייד, וואָס לאַבזיק האָט צו־געטראַכט אַזאַ שיינעם סאָף. מען האָט אים געהאַלדזט און געקושט און אים גערופן מיט ליבע נעמען.

און נאָך מערער, דער סעקרעטאַר פון דער שול האָט צוגעטשעפּעט לאַבזיקן אָפּן האַלדז אַ רויט בלימעלע און דאָס הינטעלע האָט שוין געמיינט, אַז ער איז אַ גאַנצער גענעראַל, אַזוי שטאָלץ האָט ער פאַריסן דאָס קעפּל.

איז לאַבזיקן שוין געווען עמעס פריילעך, און ער האָט געטראַכט:

— אָט דאָס הייסט געלעבט.

# לאַבזיק און ביבי



מען קען ניט זאָגן, אַז לאַבזיק האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט פּיצלעך קינדער, נאָר פאַר דער קליינער ביבין וואָלט ער זיך אַפילע געלאָזט אָפּבייסן זיין ווידעלע. ערשטנס, דער נאָמען אַליין — ביבי, און צווייטנס, איר נעזל. אַזאַ שיין פּאַריסן נעזל, פונקט ווי בא טוצין. (איר געדענקט דאָך די מייסע מיט טוצין, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט פאַר לאַבזיקן אַזוי טרויעריק!)

ביבים קוויטשען איז געווען גאָר אַ מעכייע, און באַזונדערס נאָך, ווען זי האָט אַריינגעגראָבן אירע פינגערלעך אין זיין וואַרעמען האַלדז און געקוויטשעט פון גרויס פרייד. געקוויטשעט האָט ביבי ניט נאָר דערפאַר, וואָס זי האָט אַריינגעגראָבן אירע פינגערלעך אין זיין וואַרעמען האַלדז; זי האָט אויך געקוויטשעט, ווייל לאַבזיק האָט איר געביסן אין באַרוועסן פיסעלע, לייכט געביסן. לאַבזיק האָט זייער ליב צו בייסן באַרוועסע פיסלעך פון פּיצלעך קינדער.

אויב אַזוי, ווער זשע איז טאַקע געווען ביבי? און אויב איר קענט ניט ביבין, קענט איר דאָך ניט איר מאַמען, שיפרען — שיפרע די אַלמאָנע, וואָס וואוינט פונקט אַנטקעגן בערל דעם אַפּעריטערס הויז?

באַקאַנט האָט זיך לאַבזיק מיט ביבין אַ זומער באַטאָג, ווען דאָס קליינע מיידעלע איז זיך געלעגן אין איר וועגעלע און גערעדט צו זיך אַליין. ס'הייסט, ניט גערעדט, נאָר געפּלאַפּלט. איר מאַמע איז געזעסן אָפן סטופּ, געהיט איר טאָכטער און געהאַלטן דערווייל אין אויסנייען אַ רעקעלע, טאַקע פאַר דערזעלבער ביבין.

דאָס הינטעלע איז געוואָרן נייגעריק, איז ער צו צום וועגעלע, פאַריסן דאָס קעפּל און געקוקט אָף דעם שיינעם קינד, וואָס האָט געהאַט פונקט אַזאַ שיין נעזל, ווי טוצי. האָט ביבי דערזען לאַבזיקן, האָט זי זיך דערפרייט, אויסגעשטרעקט די הענטלעך צו דעם און געמאַכט:

— וואַ, וואַ, וואַ.

וואָס דער וואַ, וואַ, וואַ האָט געמיינט, האָט בלויז פאַרשטאַנען ביבי אַליין, און עפּשער אויך לאַבזיק, ווייל ער איז גלייך אַריינגע־שפּרונגען צו איר אין וועגל און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער איר שוין געלעקט דאָס נעזל. האָט זי אָנגעהויבן שטאַרקער צו קוויטשען: וואַ, וואַ, וואַ. איז צוגעלאָפן איר מאַמע, צום אַלעם ערשטן מיט גרויס דערשרעק, אָבער דערנאָכדעם האָט זי זיך צעלאַכט.

אַזוי האָט זיך לאַבזיק געשפּילט מיט ביבין אין איר וועגעלע. ער האָט איר געלעקט דאָס נעזל, זי איז אים אַריינגעפאַרן מיטביידע הענטלעך אין האָלדז. האָט ער איר געביסן אין פּיסעלע, האָט זי אים געקנייפּט אין אויער. ביז ס׳איז געוואָרן פאַרנאַכט און שיפרע האָט אַ זאָג געטאָן:

— נו, לאַבזיק, שפּרינג אַראָפּ פון וועגעלע.

האָט לאַבזיק קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט און אַראָפּגע־שפּרונגען פון וועגעלע. דערנאָכדעם האָט שיפרע די אַלמאַנע גענומען דאָס הענטל פון וועגעלע און אָנגעהויבן דאָס צו שטופּן צו דער טיר פון הויז. האָט דעם הינטעלע פאַרדראָסן, וואָס מען פירט אַוועק פון אים זיין פריינט ביבין און ער האָט אויסגעצויגן זיין העלדזל און אָנגעהויבן צו האַווקען אַף שיפרען. האָט שיפרע זיך צעלאַכט און געמאַכט:

— צו מיינע סאָנימס קעפּ! האָסטו געזען, ווי ער האַווקעט? ס׳איז דען דיין ביבי, ס׳איז דאָך מיין ביבי!

לאַבזיק האָט, ווייזט אויס, פאַרשטאַנען, וואָס זי מיינט און געזען, אַז זי האָט רעכט. האָט ער אויפגעהערט צו האַווקען און געוואָרן גלאַט אַזוי טרויעריק. די אויערן אַראָפּגעלאָזט, די אייגעלעך אומעטיק, און שטייט זיך ווי אַ יאָסעמל. האָט שיפרע דערזען, ווי ער שטייט אַזאַ אומעטיקער, האָט זי זיך ווידער צעלאַכט און אַ זאָג געטאָן:

— צו מיינע סאָנימס קעפּ, ווי ס׳איז געוואָרן אַזוי טרויעריק. אויב ס׳בענקט זיך דיר נאָך ביבין, קום אַרויף צו מיר אין הויז.

האָט לאַבזיק גלייך פאַרשטאַנען, וואָס שיפרע מיינט, און האָט זיך געלאָזט נאָך איר אַזאַ שטילינקער און לייטישער.

שיפרע האָט אָפּגעקאָכט אַ קאַשקעלע און אָנגעהויבן צו האָדעווען ביבין. איז ווייסט איר דאָך ווי פּיצלעך קינדער זיינען, האָט דאָס געגעסן אַ פּאָר לעפל און מערער ניט געוואָלט. האָט שיפרע גע־סטראַשעט, אַז זי וועט דאָס קאַשקעלע אַוועקגעבן לאַבזיקן. און

לאַבזיק נאָר האָט טאַקע געמיינט, אַז דאָס וויל מען אים אַוועקגעבן דאָס קאַשקעלע, האָט ער שוין אויסגעשטרעקט זיין צונג און געוועז גרייט צו לעקן. אָבער ביבי האָט געמאַכט אַ געוואַלד, און די מאַמע האָט איר גלייך צוריק געגעבן דאָס קאַשקעלע און געזאָגט:

— ניין, ביבילע, ניין, קינד, דיר אַליין, דיר אַליין.

איז דאָס הינטעלע געוועזן אַ ביסעלע בערויגעז, וואָס מען האָט אים אָפּגענאַרט, אָבער דערנאָכדעם האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ס'איז בלויז אַ שפּיל אַזאַ, און ער האָט שוין מערער קיין פאַריבל ניט געהאַט אויף שיפרען.

אָפּגעגעסן, האָט די מאַמע אָנגעהויבן צו פאַרוויגן איר טעכטערל. אַ שטריקל איז געוועזן צוגעבונדן צום וועגעלע, האָט זי דאָס שטריקל אַרויפגעטאָן אויף אירע פיס, זיך געזעצט אויפן בענקל, מיט די הענט געשיילט קאַרטאָפּליעס, מיטן פוס געוויגט דאָס וויגל, און מיטן מויל אַזוי געזונגען:

שלאָף, שלאָף, ביבי מיין קינד,
אינדרויסן בלאָזט ניט קיין ווינט,
דיין טאַטע טרייסלט ניט פון דיביימער די עפּל,
און די לעוואָנע שיקט ניט קיין זילבערנע שטראַלן אויף דיין קעפּל.
ווייל אַלע פענצטער האָב איך פאַרמאַכט
אומיסטנע אַזוי, צוליב דער פינצטערער נאַכט.
דיין טאַטע איז פון אונדז אָפּגעפאָרן,
וועלן מיר אים שוין ניט זען יאָרן און יאָרן.
שלאָף זשע, שלאָף זשע, ביבי קינד.

קוקט זיך אַזוי לאַבזיק צו, און ס'טוט אים האַנאָע. איינגעוויגט, איינגעשלאָפן, ווערט שטיל אין הויז. כאַפּט זיך שיפרע, אַז זי האָט ניט קיין זאַלץ אין שטוב. לאָזט זי זיך אין גראָסערי קויפן זאַלץ. דאָס הינטעלע בלייבט אין הויז, ליגט מיטן מאָרדעלע אָנגעשפּאַרט אויף די פעדערשטע לאַפּקעס און טראַכט זיך זיינע געדאַנקען.

אַ קינד אָבער דערשמעקט דיר גלייך, ווען די מאַמע איז ניטאָ אין הויז, אַפילו ווען ס'שלאָפט. און עפּשער איז גאָר ביבי נאָך ניט רעכט איינגעשלאָפן, ווייל זי האָט זיך גלייך אָנגעהויבן צו וואַרפן, ווען די מאַמע איז אַרויס פון הויז, אָנגעהויבן צו וויינען פריער אין דער שטיל, אין דער שטיל, דערנאָכדעם אויף אַ קאָל, און דערנאָכדעם מיט גרויסע

געוואַלדן, אַז אַ שכײנע האָט אַזש דערהערט אינדרויסן. איז די שכײנע גלײך געלאָפן אין דער גראַמערי מיט אַ בסורע:

— אוי, שיפרע, אײער ביבי װײנט.

לויפט שוין שיפרע אין גרוים אײלעניש. לויפט אַרויף די טרעפ, הערט זי ניט קײן שום געוואַלדן. קומט זי צו צו איר טיר, עפנט זי אויף, גײט אַרײַן אין קאָרידאָר. איז שטיל אַזוי, נאָר ס'הערט זיך, װי אַ װיגל סקריפּעט אַהין און צוריק, אַהין און צוריק. װאָונדערט זיך שיפרע און שרעקט זיך אַ ביסל, װײל װער איז דען דאָ אין הויז, װאָס זאָל װיגן דאָס װיגל? מיסטאָמע איז אַ שכײנע אַרײַן אין הויז, אַ שכײנע װאָס האָט ניט געקענט פאַרלײדן, װי דאָס קינד װײנט, און זי װיגט איצטער דאָס װיגל. גײט שוין שיפרע, שטיל אַזוי אויף די שפּיץ פינגער. קומט אַרײַן אין קיך אַרײַן — אַוואַדע לאַבזיק. ער




האַלט אַזוי ערנסט דאָס שטריקל, װאָס איז צוגעבונדן צום װיגל, אין מויל. ציט דאָס שטריקל אַהין און צוריק און דאָס װיגל הוידעט זיך. ביבי איז שוין צוריק אײַנגעשלאָפן, אָבער לאַבזיק װיגט נאָך אַלץ, קעדײ ער זאָל זײַן זיכער, װײל אויף פּיצלעך קינדער קען מען זיך ניט פאַרלאָזן. אָט מאַכן זײ זיך, אַז זײ זײַנען שוין אײַנגעשלאָפן, און מיטאַמאָל כאַפּן זײ זיך אויף און מאַכן געוואַלדן. האָט שיפרע זיך אַזש צעװײנט פון פרײד, אויפגעהויבן לאַבזיקן, צוגעטוליעט צו זיך און געמאַכט:

— אַ געזונט דיר אין דײַנע בײנער, הינטעלע. ביזט אַזוי קלוג, פונקט װי אַ מענטש.

# לאַביק קען ניט פֿאַרליידן, אַז מען וויינט.



אָ, ביבי און לאַבזיק זיינען שוין געוואָרן ווי אַנדערע צוויי. פֿאַרטאָג. לאַבזיק כאַפּט זיך אויף, איז דער ערשטער געדאַנק — ביבי. מען דאַרף לויפֿן אַ קוק טאָן, וואָס זי מאַכט. לויפֿט ער אַריין צו שיפֿרען אין הויז, און זעט, ווי ביבי איז שוין אויף און שפּילט זיך מיטן פּאָס זון, וואָס שיינט אַריין דורכן פֿענצטער. ווערט ער איבערגליקלעך. האַווקעט זיך אוים אָף איר, גלאַט אַזוי פֿון פֿריינטאָפּט וועגן, און אַנטלויפֿט צוריק צו דער מאַמע מאַלין. ער קען דאָך די מאַמע מאַלין ניט איבער־לאָזן איינע אַליין אין הויז. ער דאַרף דאָך איר העלפֿן טאָן די אַרבעט.

איך האָב אייך גאָר פֿאַרגעסן צו דערציילן, אַז לאַבזיק האָט זיך אויסגעלערנט גיין אין גראָסערי און איינקויפֿן זאַכן. טאָמער דאַרף די מאַמע מאַלי, לעמאָשל, אַ האַלב פֿונט צוקער, שרייבט זי אַן אַ צעטעלע צום גראָסערימאַן, שטעקט דאָס אַריין לאַבזיקן צווישן די ציינדלעך, און ער ווייסט שוין, וואָס מען דאַרף טאָן. ער לויפֿט אַוועק צום גראָסערימאַן, לייענט יענער איבער דאָס צעטעלע, וועגט אָפּ אַ האַלב פֿונט צוקער אין אַ פּאַפּירן זעקעלע, שטעקט דאָס אַריין לאַבזיקן צווישן די ציינער, און דאָס הינטל לויפֿט שוין צוריק אַהיים. נעמט די מאַמע מאַלי אַרויס דאָס זעקעלע צוקער און זאָגט צו אים:

— אַ גוטער לאַבזיק.

נאָך האָט אים די מאַמע מאַלי אויסגעלערנט איר צו דערלאַנגען געוויסע זאַכן. לעמאָשל, אַז די מאַמע מאַלי דאַרף האָבן דאָס קעסטל מיט גרויפּן אָף צו קאָכן אַ קאַשקעלע פֿאַר ריפּקען, דאַרף זי בלויז זאָגן:

— לאַבזיק, איך דאַרף גרויפּן.

ווייסט גלייך לאַבזיק, וואָס יענע מיינט, שפּרינגט אַרויף אָף דער פּאָליצע, גיט אַ כאַפּ אין זיינע ציינדלעך דאָס אָפֿענע קעסטל מיט די גרויפּן, און דערלאַנגט דאָס גלייך דער מאַמע מאַלין. זאָגט די מאַמע מאַלי צו אים דערפֿאַר אויך „גוטער לאַבזיק“.

יאָ, האָט ער געהאָלפֿן דער מאַמען טאָן די אַרבעט און אַזוי האָט זיך דאָס פֿאַרצויגן ביז נאָכמיטאָג. נאָכמיטאָג איז ער ווידער אַרויס־

געלאָפן אינדרויסן צו זען, וואָס מאַכט ביבי. ביבי איז אָבער שוין דעמאָלט געשלאָפן אין איר וויגעלע אין קילן שאָטן פון הויז. די מאַמע שיפרע איז געזעסן אַף די טרעפּ, געשטריקט אַ זעקעלע פאַר איר מיידעלע.

דאַרף דאָך זיין גוט, האַ? אָבער עפּעס איז דאָ ניט גוט. לאַבזיק דערשמעקט שוין, אַז אַלצדינג איז ניט מיט אַלעמען. ווייל פאַרוואָס זיצט שיפרע אַזאַ טרויעריקע? פאַרוואָס זיפצט זי פון צייט צו צייט? פאַרוואָס רעדט זי צו זיך אַליין אַזאַ טרויעריקע און מאַכט:

— אוי ווי איז מיר, וואָס זשע וועט זיין?

ווערט שוין לאַבזיק אויך אַ טרויעריקער. ס'קלעמט אים באַם האַרצן און ער טרעט שוין ניט אָפּ פון שיפרען. עס וויל זי טרייסטן. אָבער ווי אַזוי? רעדן קען ער ניט. וואָס ער קען יאָ, איז דרייען מיטן ווידעלע, לעקן מיט דער צונג שיפרעס הענט, שפּרינגען קעגן איר. אָבער אַז שיפרען ליגט דאָס גאָרניט אינזינען. .

שפּעט אין טאָג הייבט זיך אויף שיפרע און גייט אַריין אין גראָז־סערי. לאַבזיק קוקט איר נאָך. עס געדויערט ניט לאַנג און זי קומט באַלד אַרויס מיט ליידיקע הענט, נאָך טרויעריקער ווי פריער. זי נעמט אַריין ביבין אין הויז אַריין און דאָס הינטעלע גייט זיי נאָך. אין הויז איז אויך עפּעס טרויעריק. ביבי קוקט אַף דער מאַמען און וואַרט. שיפרע ווייסט, פאַרוואָס ביבי קוקט אַזוי אַף איר, און איר האַרץ ווערט נאָך מערער צעבראָכן. ביבי קוקט אַזוי אַף איר, ווייל זי איז שוין הונגעריק און וואַרט, אַז די מאַמע זאָל איר אָפּקאָכן ס'קאַשקעלע. נעמט די מאַמע דאָס קעסטעלע, וואו ס'איז פריער געווען גרויפּן פאַרן קאַשקעלע. אָבער איצטער איז דאָס ליידיק. ניטאָ קיין איין גרויפּ... זי טרייסלט דאָס, עפּשער איז נאָך עפּעס פאַרבליבן. אָבער — ליידיק און ליידיק.

וואַרט ביבי און וואַרט און אַז זי דערזעט, אַז די מאַמע טוט גאָרניט אַף איר אָפּצוקאָכן דאָס קאַשקעלע, צעוויינט זי זיך זייער ביטער. צעוויינט זיך אויך שיפרע. און לאַבזיק? און לאַבזיק קען דאָס שוין גאָרניט פאַרטראָגן. ער האָט שוין גוט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. ער האָט געזען, ווי זי טרייסלט מיטן ליידיקן קעסטעלע. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז שטענדיק נעמט זי אַרויס פון דאָרטן די גרויפּן און וואַרפט אַריין אין אַ שיסל וואַסער. זידט דאָס דאָרטן, קאָכט און קאָכט, ביז ס'ווערט פאַרטיק און ביבי האָט אַ קאַשקעלע

צום עסן. ער האָט זיך אויך דערמאָנט, אַז דאָס זעלבע טוט די מאַמע מאַלי, ווען זי דאַרף אָפּקאָכן אַ קאַשקעלע פאַר ריפקען. ער, לאַבזיק אַליין, דערלאַנגט דאָך דער מאַמע מאַלין דאָס קעסטל מיט די גרויפּן.

ווייסט ניט לאַבזיק, וואָס צו טאָן. שפּרינגט ער פונדעסטוועגן אַרויף אַף שיפרעס שויס, און וויל איר העלפן זיין טרויעריק, ווייסט ער ניט ווי אַזוי. לעקט ער איר דאָס פּאָנעם. טרייבט זי אים אָפּ. לעקט ער איר ווידער, טרייבט זי אים ווידער אָפּ, ביז זי ווערט אין קאָס און מאַכט:

— צו מיינע סאָנימס קעפּ! וואָס וויל פון מיר דער לאַבזיק? ווער דאַרף דיין לעקן, לאַבזיק? איך דאַרף גרויפּן.

דערהערט ער די באַקאַנטע ווערטער, „איך דאַרף גרויפּן“, רעדט ער ניט קיין סאַך, און איידער וואָס איידער ווען, מען זעט אים שוין ניט. ניטאָ לאַבזיק.

אַוועקגעגאַנגען לאַבזיק, האָט שיפרע פאַרשלאָסן הינטער אים די טיר, זיך אָנידערגעזעצט אַזאַ צעבראָכענע, און ביבי וויינט שוין ניט אינדערהויך, זי וויינט אינדערשטיל, גאָר שטיל.

שיפרע איז אַן אַלמאָנע און זי האָט אָנגעשריבן אַ ביטע צום „רעליף“, מען זאָל איר העלפן. אָבער דער רעליף שווייגט דערווייל. דער רעליף איילט זיך ניט אַזוי שטאַרק, און דער גראָסערימאַן וויל שוין ניט מערער באָרגן. עפּשער זאָל זי גיין צו די שכיינים, מען זאָל איר העלפן? שעמט זי זיך, שיפרע, האַלט ביבין אַף די הענט, רעדט צו איר און זי ווייסט אַליין ניט, וואָס זי רעדט.

זאָל טאַקע לאַבזיק האָבן אַוועקגעגאַנגען און שוין מערער ניט קומען צוריק? און נאָך וואָס איז ער אַוועקגעגאַנגען און איבער־געלאָזט זיינע פריינט אין אַזאַ אומגליק? זאָל מען דאָס גלויבן אַף לאַבזיקן, אַז ער זאָל קענען טאָן אַזאַ זאַך? עפּשער, ווער ווייסט? אָבער ניין. ער איז, דאַכט זיך, גאָר דאָ צוריק. ווייל ס'הערט זיך אַ גראַבלען אין דער טיר און אַ קאַוואַטשען, ווי איינער וואָלט געזאָגט:

— לאָזט מיך אַריין, לאָזט מיך אַריין.

שליסט אויף שיפרע די טיר, גיט לאַבזיק אַ לויף אַריין גלייך אין דער קיך אַריין. ער האָט עפּעס אין מויל. לויפט אַריין און שטופט דאָס קעפּל מיט דער זאַך, וואָס ער האַלט אין מויל, גלייך צו שיפרען אין די קליידלעך.

אוואדע איז די זאַך, וואָס ער האָט געהאַלטן אין מויל, געווען אַ קעסטל מיט גרויפּן פאַר אַ קאַשקעלע. עפּשער אַ האַלב קעסטל מיט גרויפּן איז דאָרטן געווען. וואו ער האָט דאָס גע־נומען? ווי אַזוי האָט ער דאָס געפּאַקט? דאָס האָט ער ניט דערציילט. געשפּרונגען אַ




פרייליכער אַרום שיפרען, וואָס האָט געהאַלטן אין איין לאַכן. ס׳איז בּאַ איר געווען דער גרעסטער וואונדער, און זי האָט געלאַכט און געלאַכט און אָפּגעקאָכט די קאַשע פאַר ביבין און ווידער געלאַכט.

וואו ער האָט דאָס געפּאַקט, ווייסן מיר ניט. נאָר אַף מאָרגן אינדערפרי, ווען די מאַמע מאַלי האָט אויפגעזאָטן וואַסער, געגאַנגען צו דער שאַפע נעמען די גרויפּן, גיט זי אַ קוק — ניטאָ. שטייט זי און וואונדערט זיך, און וואונדערט זיך. אַז זי האָט זיך אויפגעהערט צו וואונדערן, האָט זי געגעבן אַ פּאַטש מיט די הענט און אויסגעשריען:

— האָסטו געזען אַזאַ זאַך?

האָט זי געזוכט און געזוכט אומעטום. און אַזוי איז דאָס טאַקע געבליבן. זי האָט שוין קיינמאָל ניט געקענט דערוויסן זיך, וואוהין איז אַהינגעקומען דאָס קעסטל מיט גרויפּן.

# לאַבזיק און דער מאַרשאַל


ז דער מאַרשאַל קומט אָן אין דזשעקסאָן עוועניו, שטעקן אַלע מאַמעס, טאַטעס און קינדער אַרויס די קעפּ פון די פענצטער. מען קוקט אים נאָך. מען זאָגט איינער צום אַנדערן:

— צו וועמען קען ער גיין, דער גאַזלען?

— אַז האַלוואַי וואָלט ער געבראָכן הענט און פיס.

— ווײ, ווײ! צו זאָגן!

— וואָס זשע וועט זאָגן טאָן מיט אירע קינדערלעך, אַז דער מאַן ליגט גאָר אין שפּיטאָל. קראַנק אָף די לונגען. און זי האָט שוין אויך איינגעגעבן אין רעליף, און רעליף שווייגט.

פאַרשטייט זיך, אַז לאַבזיק שטעקט אויך אַרויס זיין קעפּל פון פענצטער. וואָדען, ער וועט ניט אַרויסשטעקן? ער דערזעט אויך דעם מאַרשאַל. ווייסט ניט, וואָס אַ מאַרשאַל מיינט. ווייסט נאָר, אַז אַלע אין דזשעקסאָן עוועניו שרעקן זיך פאַר אים. און אַזוי ווי לאַבזיק וויל וויסן אַלצדינג, וואָס עס טוט זיך אין לעבן, לויפט ער אַרויס אינדרויסן און הויבט אָן נאָכגיין דעם הויכן ברייטן מאַן אין שוואַרצן מאַנטל, וואָס מען רופט אים אין דזשעקסאָן עוועניו: „דער מאַרשאַל“.

דער מאַרשאַל דערזעט, אַז אַזאַ כיינעוודיק הינטעלע גייט אים נאָך, געפעלט דאָס אים. שטרעקט ער אויס זיין האַנט צו אים און מאַכט ליבלעך:

— האַו דו יו דו.

גיט לאַבזיק זיך אַ קאַרטשע איין, הייבט אָן צו ברומען אינעווייניק אין בייכעלע און באַווייזט זיינע שאַרפע ציינדלעך.

— אַזוי גאָר? — שפּאַסט דער מאַרשאַל — ביזט גאָר פון די בייסיקע? מיילע.

און ער האָט שוין מערער ניט אינזינען לאַבזיקן. ער האָט אינזינען זאַכן. קומט ער אַריין אין נומער 344. גייט לאַבזיק אויך אַריין אין נומער 344. הייבט דער מאַרשאַל אָן צו גיין אָף די טרעפּ, הייבט לאַבזיק אויך אָן צו גיין אָף די טרעפּ. קומט דער מאַרשאַל צום דריטן שטאָק, קומט לאַבזיק אויך צום דריטן שטאָק.

קלינגט דער מאַרשאַל אָן. פאַרבאַהאַלט זיך לאַבזיק אין אַ ווינקל. קומט אַרויס זאַשע מיט רויטע האָר און מיט אַ פאַרבונדענער באַק (ס'טוען איר, ווייזט אויס, ווי די ציין). דערשרעקט זיך זאַשע פאַרן פרעמדן מאַן אין שוואַרצן מאַנטל און פרעגט:

— אוי ווי איז מיר, ווער זייט איר?

— איך בין דער מאַרשאַל.

און אַז זי האָט דערהערט דאָס וואָרט „מאַרשאַל", איז זי געוואָרן ווייס אין פּאָנעם, אָנגעהויבן צו ציטערן, ווי ס'וואָלט איר געווען שטאַרק קאַלט.

דאַ דערווייל, קומען אויך אַרויס פון הויז אירע קינדער: מיריעם, יאַנקל, כייעם, גאָסי און אַווּרעמעלע, איינס קלענער פון אַנדערן. אַווּרעמעלע איז דער קלענסטער און האָט ניט קיין שיך אָף זיינע פיסלעך. לאַבזיק זעט דאָס אַלצדינג צו און פאַרגעדענקט.

— יאָ, איך בין דער מאַרשאַל — מאַכט דער מאַן — און איר זייט שוין שולדיק מיסטער סאַלאָמאָנען פאַר דריי מאָנאַטן רענט.

— וואָס זשע זאָל איך טאָן? איך האָב ניט — צעוויינט זיך זאַשע און נאָך איר צעוויינען זיך אויך: מיריעם, יאַנקל, כייעם, גאָסי און דער באָרוועסער אַווּרעמעלע.

— ניט מיין זאַך, ניט מיין זאַך — מאַכט דער מאַרשאַל בייז און נעמט אַרויס אַ פּאַפּירל. — איך בין אייך געקומען געבן דעם „דיס-פּאָזעס".

— ווי איז מיר, אַ דיספּאָזעס? וואָס מיינט דאָס?

— אַ דיספּאָזעס — דערקלערט קלומערשט זייער ליבלעך דער מאַרשאַל — מיינט, אַז אין צוויי טעג אַרום דאַרפסטו זיך אַרויסקלייבן פון הויז, אַז ניט וועל איך קומען און דיך אַרויסוואַרפן.

— אָט וועט אָנקומען פון רעליף — בעט זיך זאַשע באַם מאַרשאַל.

— ס'דאַרף מיר באַלד אָנקומען געלט פון רעליף, וועל איך שוין באַ-צאָלן. מיינע ציין זאָלן מיר אַזוי אויפהערן ווייַ צו טאָן, ווי איך וועל באַצאָלן, — שווערט זיך זאַשע.

אָבער דער מאַרשאַל וויל ניט וויסן. ער האָט געבראַכט אַ דיס-פּאָזעס, זאָל זי אים צונעמען. וויל ניט זאַשע צונעמען דעם דיספּאָזעס, און זי צעוויינט זיך מיט דער פאַרבונדענער באַק. נאָך איר צעוויינען זיך: מיריעם, יאַנקל, כייעם, גאָסי און אַווּרעמעלע מיט די נאַקעטע פיסלעך.

— דו נעמסט, פרוי, דעם דיספּאָזעס! — צעשרייט זיך שוין אַף איר דער מאַרשאַל זייער בייז.

— אַז איך וויל אים ניט, דעם דיספּאָזעס — וויינט זאָשע, — אַז איך דאַרף אים ניט.

— נעם! — שרייט דער מאַרשאַל — אַז ניט רוף איך אַ פּאָליסמאַן.

אָבער דער מאַרשאַל האָט שוין ניט געדאַרפט רופן קיין פּאָליסמאַן. מען האָט שוין גענומען דעם דיספּאָזעס.

— אוי וויי, דער דיספּאָזעס! — שרייט דער מאַרשאַל און לאָזט זיך לויפן נאָך לאַבזיקן.

אָבער אָט טאָקע באַלד וועט מען אַזוי שנעל כאַפּן לאַבזיקן! מיטן דיספּאָזעס אין די ציינדלעך יאָגט ער זיך שנעל ווי אַ וויכער אַראָפּ די טרעפּ, לויפט אַרום אינדרויסן און יאָגט אַוועק אַהיים. אינדערהיים כאַפּט ער זיך אַרונטער אונטערן בעט, און הייבט אָן צערייסן און צעפּליקן דאָס שלעכטע שטיקל פּאַפּיר, מיט די ציינדלעך און מיט די לאַפּקעס. ניט נאָר האָט ער געריסן און געפּליקט, נאָר ער האָט אויך געהאַווקעט בייז. האַוו, האַוו, האַוו, רים, פּליק!

— איך וועל אים טויטן, איך וועל אים שיסן — לויפט דער מאַר־שאַל איבער דזשעקסאָן עוועניו און זידלט זיך, און שעלט, אַ געוואַלד.

— כאַ, כאַ, כאַ — לאַכט גאַנץ דזשעקסאָן עוועניו דורך די פענצטער אַרוים — כאַ, כאַ, כאַ.



# לאַבזיק לאָזט ניט



עס האָט אָנגעהויבן אַרויסצושטעלן אַף דער גאַס די בעטן, דעם טיש און די קישנס, און גאַנץ דזשעקסאָן עוועניו האָט געוויינט.

דאָס האָט מען אַרויסגעשטעלט זאַשען מיט דער פאַרבונדענער באַק אַף דער גאַס. אירע ציין האָבן נאָך אַלץ ווי געטאָן. דער מאַרשאַל איז שוין ניט געקומען איינער אַליין, נאָר מיט צווי געזונטע, הויכע יונגען, און מיט פּאָליסלייט. די גאַנצע גאַס איז זיך צונויפגעלאָפן, זיך גע־שטעלט פונדערווייטנס, געזיפצט און געוויינט.

פאַרשטייט זיך, אַז לאַבזיק איז אויך געווען דערביי. ער האָט ניט געוויינט און ניט געזיפצט. ער האָט בלויז געטראַכט, צי מען קען ניט אַ בים טאָן דעם מאַרשאַל אין דער פולקע, דאָס הייסט אין גראָבן פלייש פון פוס. ניין, האָט ער באַשלאָסן, מען קען ניט, ווייל ס'שטייען אויך פּאָליסלייט לעבן אים, און די צווי הויכע יונגען וועלן אויך ניט שווייגן. האָט ער בלויז געברומט טיף אין בייכל און געשטשירעט די ווייסע ציינדלעך.

צום אַלעם ערשטן איז זאַשע געווען צעטומלט און האָט ניט גע־מאַכט קיין געוואַלדן. זי האָט בלויז צונויפגענומען די קינדער: מיריעם, יאַנקל, כייעם, גאָסי, און דעם באַרוועסן אוורעמעלע אַרום זיך און צוגעקוקט ווי מען טראָגט. די צווי הויכע יונגען האָבן געטראָגן אַלץ: די טעפּלעך, די טעלער, די גלעזער, די בענקלעך, דעם שפּיגל. אָבער זאַשע מיט דער פאַרבונדענער באַק האָט נאָך דערווייל אַלץ געשוויגן, אַקוראַט ווי זי איז שטום געוואָרן. אָבער ווען מען האָט שוין אַרויסגעטראָגן דאָס בעט אויך, מיט די קישנס, האָט זי אויפ־געהויבן אַ גרויס געוואַלד און געמאַכט צו די שכיינים פון דזשעקסאָן עוועניו:

— אַ בראָך איז צו מיר, אַ קלאָג איז צו מיר! דאָס בעט אויך. וואו וועל איך היינט שלאָפן מיט די קינדער? וואו וועלן מיר היינט נעכטיקן?

דערווייל האָט מען שוין אַרויסגעטראָגן אַלצדינג פֿון שטוב. דער לענדלאָרד, מיסטער סאָלאָמאָן, מיט זייער אַ גראָבער נאָז און מיט אַ דוירבי אַפֿן קאָפּ — האָט פֿאַרשלאָסן דאָס לײדיקע הויז מיט אַ שטאַרקן שלאָס. דער מאַרשאַל מיט די צוויי יונגע זיינען אַוועק־געפֿאָרן אין אַן אַטאָמאָביל. די פּאָליסלייט זיינען זיך צעגאַנגען. די פֿרויען פֿון דזשעקסאָן עווענױ זיינען אַוועק אין די הייזער מיט פֿאַר־ווײנטע אויגן. דאָס זיינען זיי אַוועק אין די הייזער, ווייל ס׳איז שוין געוואָרן שפּעט און זיי האָבן שוין געדאַרפֿט קאָכן וועטשערע פֿאַר זייערע מענער, וואָס האָבן געדאַרפֿט קומען פֿון דער אַרבעט.

געבליבן איז בלויז לאַבזיק לעבן זאָשען און עטלעכע קינדער פֿון דער גאַס. זאָשע מיט מיריעס, יאַנקל, כײעס, גאָסי און דער באַרוועסער אַוורעמעלע, האָבן זיך אַנידערגעזעצט אַף די קישנס. זאָשע מיט דער פֿאַרבונדענער באַק האָט שוין ניט געוויינט. זי האָט שוין מערער ניט געהאַט קיין טרערן. האָט זי זיך געשאָקלט אַהין און אַהער, און אירע קינדער האָבן געהאַלטן אין איין קוקן, ווי זייער מאַמע שאָקלט זיך אַהין און אַהער.

נו, און דאָ ווערט שוין פֿאַרנאַכט און בערל דער אַפּערייטאָר קומט אָן. לויפֿט אים אַנטקעגן לאַבזיק און שטרעקט אַף אים אויס אַ פּאָר אומעטיקע אויגן.

פֿאַרשטייט ניט בערל, וואָס דאָס הינטעלע איז אַזוי טרויעריק. פֿרעגט ער אים:

— אַ קאַפּאָרע, לאַבזיק, וואָס איז דער מער מיט דיר?

גיי, דערצייל, אַז ער קען ניט רעדן די מענטשלעכע שפּראַך. און בערל ווייסט גאָרניט וועגן זאָשען, ווייל זיין הויז איז אַף איין עק גאַס, און זאָשעס — אַפֿן צווייטן עק. און דאָ איז ער נאָך הונגעריק, איילט ער אַהיים.

— אַ גוטן אָוונט דיר, מיין ווייב מאַלי — שרייט בערל אויס פֿריילעך — און אַ גוטן אָוונט דיר, מיין זון מוליק, און אַ גוטן אָוונט דיר, מיין טאָכטער ריפֿקעלע, און דיר לאַבזיק, דאַרף איך שוין ניט זאָגן אַ גוטן אָוונט, ווייל איך האָב דיך שוין געזען.

די מאַמע מאַלי האָט אָפּגעמאַכט מיט די קינדער, אַז זיי זאָלן ניט דערציילן בערלען וועגן דער מייסע מיט זאָשען, איידער ער עסט אָפּ וועטשערע. ווייל אַז מען וועט אים דערציילן פֿריער, וועט ער שוין קיין וועטשערע ניט עסן, וועט זיך נאָך גוט אויפֿרעגן, און דאָס וועט

שאַטן צו זיין געזונט. אָבער מיט לאַבזיקן האָט מאַלי אַזוי ניט אָפּ־געמאַכט. שלעפּט דאָס הינטעלע בערלען באַ די הויזן.

— אַ קאַפּאָרע, לאַבזיק! וואָס שלעפּסטו מיך באַ די הויזן? וועסט זיי נאָך צערייסן, — שרייט אויס בערל און פאַרשטייט גאָרניט, וואָס דאָס הינטעלע וויל פון אים.

— ווייסיך, וואָס, ער שלעפּט דיך באַ די הויזן — מאַכט די מאַמע מאַלי און דערלאַנגט די הייסע געשמאַקע זופּ. — נאַ, עס בעסער די זופּ, אַ מעכייע, בערל.

ווייסט ניט לאַבזיק וואָס צו טאָן און לויפט צוריק אַרויס אינ־דרויסן.

—אַ קאַפּאָרע! וואָס לויפט ער, דער לאַבזיק? — וואונדערט זיך בערל און שלינגט דערווייל אַראָפּ אַ הייסן געשמאַקן לעפל זופּ.

— ווייסיך, וואָס ער לויפט דאָרט, — מאַכט די מאַמע מאַלי, קלוימערשט ווי זי ווייסט פון גאָרנים.

און דאָ איז שוין פינצטער אויף דער גאַס. אַלע פענצטער זיינען ליכטיק. אַלע אויף דזשעקסאָן עוועניו עסן וועטשערע. ווער ס׳עסט אַן אָרעמע וועטשערע, ווער אַ ביסל אַ בעסערע וועטשערע. זאַשע מיט דער פאַרבונדענער באַק זיצט נאָך אַלץ אינמיטן דער גאַס אויפן קישן, שאָקלט זיך אַהין און אַהער שטומערהייט. מיריעם, יאַנקל, כייעם און גאָסי זיינען אויך שטום און קוקן, ווי זייער מאַמע שאָקלט זיך אַהין און אַהער שטומערהייט. דער באָרוועסער אָורעמעלע האָט שוין ניט געקוקט ווי די מאַמע שאָקלט זיך אַהין און אַהער, ווייל ער איז שוין געשלאָפן.

פאַרקלעמט לאַבזיקן באַם האַרצן און ער צעהאַווקעט זיך פון פאַרדראָס. אויסגעהאַווקעט זיך, אָבער בעסער איז זאַשען ניט געוואָרן פון דעם. לויפט שוין דאָס הינטעלע צוריק אין הויז אַריין, כאַפּט אָן בערלען באַ די הויזן און שלעפּט אים שוין שטאַרקער ווי פריער. ער לאָזט אים ניט אָפּ, און בערל האַלט נאָך ערשט אינמיטן דער זופּ.

— אַ קאַפּאָרע! עפּעס דאַרף דאָ זיין — לייגט בערל אַוועק דעם לעפל. — ניט אומזיסט וועט ער מיך אַזוי שלעפּן.

— ווייסיך וואָס, עס בעסער, — פּרואווט אים די מאַמע מאַלי איינרעדן.

— אַ קאַפּאָרע! מאַלי, פאַררעד מיר ניט ציין! — ווערט שוין דער טאַטע בערל בייז און לאָזט זיך לויפן נאָך לאַבזיקן.

נו, אַז דער טאַטע בערל איז אַרויסגעלאָפן, איז שוין די מאַמע מאַלי אויך אַרויס נאָך אים, און מוליק, און ריפקע. און אַז די שכיינים פון אַנדערע וואוינונגען האָבן געהערט ווי מען לויפט, זיינען זיי אויך אַרויסגעלאָפן. און אַז די שכיינים פון אַנדערע הייזער אין בלאָק האָבן דערהערט אַז מען לויפט, זיינען זיי אויך אַרויס. זיינען שוין געלאָפן עפּשער הונדערט מענטשן. לאַבזיק פאַרויס, נאָך אים בערל, נאָך בערלען די מאַמע מאַלי, נאָך דער מאַמע מאַלי מוליק און ריפקע, נאָך זיי די איבעריקע.

איז בערל אָנגעקומען צו דעם פּלאַץ און האָט דערזען זאַשען מיט די קינדער זיצן אַף די קישנס. איז ער געוואָרן בייז און אַ געשריי געטאָן:

— אַזוי גאָר די מייסע! וואָס האָט איר מיר פריער ניט געזאָגט? נעמט גלייך יעדער איינער וואָס ער קאָן און טראָגט דאָס גלייך אַריין אין הויז אַריין.

שטייען אַלע מענטשן פונדערוויטנס און שווייגן, ווייל זיי האָבן מוירע, אַז ס'קענען נאָך אָנקומען פּאָליסלייט און זיי אַרעסטירן.

— וואָס שטייט איר ווי די גוילעמס? — צעשרייט זיך בערל און כאַפּט דער ערשטער דעם טיש.



איז אַז די מאַמע מאַלי האָט דערזען, אַז דער טאַטע בערל האָט געכאַפּט אַ טיש, האָט זי גלייך געכאַפּט אַ בענקל. איז אַז מוליק האָט דערזען, אַז דער טאַטע בערל האָט געכאַפּט אַ טיש און די מאַמע מאַלי אַ בענקל, האָט ער גלייך אויך געכאַפּט אַ קישן. איז אַז ריפקע האָט געזען, אַז דער טאַטע בערל האָט געכאַפּט אַ טיש, די מאַמע מאַלי אַ בענקל, דער ברודער מוליק אַ קישן, האָט זי געכאַפּט אַ קאָלדרע. איז אַז לאַבזיק האָט געזען, אַז דער טאַטע בערל און אַזוי ווייטער, און ווייטער, האָט ער געכאַפּט אין די ציינדלעך אַ ריב-אייזן. און אַז די איבעריקע מענטשן פון דזשעקסאָן עוועניו האָבן דאָס דערזען, האָט יעדער איינער געכאַפּט, וואָס עס האָט זיך געלאָזט: דער אַ ווענטל פון בעט, דער אַ פאָרהאַנג, דער דעם אַלטן גראַמאַפאָן. מען איז אַרויף צום דריטן שטאָק און צוריק אַריינ־געשטעלט ס׳גאַנצע מעבל פון הויז, צעשטעלט אַלץ אַפן פּלאַץ. דער־נאָכדעם האָבן די שכיינעס אָנגעהויבן צו טראָגן: די—ברויט, די—מילך, די—אַ זויערע אוגערקע, דער—אַן עפּל. און זאַשע האָט זיך צעוויינט פון פרייד, און באַדאַנקט אַלעמען, אַלעמען. די קינדער זיינען געווען הונגעריק, האָבן זיי געגעסן. אַוורעמעלע דער באָרוועסער איז אויך געווען הונגעריק, אָבער ער האָט שוין ניט געקענט עסן, ווייל ער איז



געשלאָפֿן, אַזוי אַ הונגעריקער געשלאָפֿן. האָט זאָשע גענומען דעם עפּל און אים פֿאַרבאַהאַלטן, אַז מאָרגן אינדערפֿרי, ווען אַוורעמעלע וועט זיך אויפֿכאַפּן, וועט זי אים געבן דעם עפּל און ער וועט עסן.

אַלע זיינען זיך צעגאַנגען פֿריילעכע, וואָס מען האָט אָפּגעטאָן אַזאַ גוט שטיקל אַרבעט, און בערל האָט זיך געזעצט פֿאַרענדיקן די וועטשערע. און לאַבזיק? לאַבזיק, פּונקט ווי אַוורעמעלע מיט די באַרוועסע פֿיס, האָט זיך טייקעף גענומען שלאָפֿן. איין קלייניקייט — אַזאַ שווערן טאָג אַרבעט דורכגעמאַכט, איז ער געשלאָפֿן. געשמאָרעט מיטן נעזל און געמאַכט:

— וואו־ו־יו, וואו־ו־יו.



# לאַבזיק און די „מאָרגן־פרייהייט״



אַבזיקס ליבע צו ריפקעלען איז זייער גרויס. ער האָט זי ליב, ווי אַן אייגן שוועסטערל.

לאַבזיקס ליבע צו בערלען איז ווי צו אַן אייגענעם טאַטן. ער, לאַבזיק, וועט קיינמאָל ניט פאַרגעסן יענעם פאַרנאַכט, אַט יענעם טרויעריקן רעגנדיקן פאַרנאַכט, ווען ער, אַ יאָסעם, אַן עלנטער, אַ הונגעריקער, אַ פאַרפרוירענער, אַ דורכגענעצטער איז געלעגן אַף דער פּלאַטפאָרמע פון דזשעקסאָן עוועניו סאַבוויי און קיינער האָט אים ניט געוואָלט העלפן. איז געקומען בערל דער אָפּעריייטאָר, דער גוטער מענטש מיט די לאַכנדיקע אויגן, און אים געראַטעוועט. אָן בערלען, וואו וואָלט ער שוין איצטער געווען? איז דערפאַר האָט ער אים אַזוי ליב. ער האָט זייער ליב צו קוקן אַף בערלס נאָז.

ס'איז מיר שווער אייך אויסצומאָלן די נאָז, נאָר לאַבזיק אַז ער קוקט אַף דער נאָז, ווייסט ער שוין, ווען בערל איז בייז און ווען בערל איז פריילעך. טאָמער פאַרקנייטשט זיך די נאָז, ווייסט לאַבזיק אַז בערלען איז שוין גוט, אַז ער וועט באַלד אַ שפּאַס טאָן מיט די קינדער, צי מיטן ווייב, צי טאַקע מיט לאַבזיקן אַליין. טאָמער אָבער ווערט די נאָז אַראָפּגעלאָזט און אויסגעצויגן. ווייסט שוין לאַבזיק, אַז ס'איז שלעכט, אַז בערל איז עפּעס אומצופרידן.

איז אַ זונטיק אינדערפרי. דורכן פענצטער גייט אַריין די זון און לייגט זיך אַנידער אונטערן טיש. נעמט לאַבזיק און לייגט זיך טאַקע אַף דער זון, וואָס אונטערן טיש, און קוקט פון דאָרטן אַף בערלס נאָז. בערל ליגט אַפן בעט, ער האָט זיך שוין אויסגעשלאָפן, אויסגעגענעצט: האָ־האָ־האָ. זיך אָרומגעוואַשן, אָפּגעגעסן און זיך נאָכאַמאָל צוגעלייגט. דאַרף דאָך בערלען איצט זיין גוט, האָ? ניין, לאַבזיק דערקענט אָבער, אַז בערלען איז איצט ניט גוט. אַז עס פעלט אים עפּעס. וואָס עס פעלט אים, ווייסט ניט לאַבזיק. וואָס זשע מיינט איר, אַז לאַבזיק איז טאַקע אַזאַ כאַכעם, וואָס זאָל וויסן אַבסאָלוט אַלצדינג? נאָך דאָ גענוג זאַכן, וואָס דאָס הינטעלע הייבט ניט אָן צו פאַרשטיין. פאַרשטייט ער

איצטער אויך ניט, וואָס בערל וויל. אָבער וואָס ער פאַרשטייט יאָ, איז אַז בערלס נאָז איז אַראָפּגעלאָזט און אויסגעצויגן. גייט דורך די מאַמע מאַלי, גיט אַ קוק אױף איר מאַן און גיט אַ מאַך:

— האָסט געזען, וואָס ליגסטו מיר עפּעס אַ ברויגעזער?

— אַ קאַפּאָרע, ברויגעז גאָר, — פאַרענטפערט זיך בערל, — וואָס גאָר פּלוצלונג ברויגעז?

— דאָס וויל איך טאַקע וויסן, — מאַכט די מאַמע — וואָס גאָר ברויגעז?

— אָ, ס'איז עפּשער דערפאַר, — רופט זיך אָן בערל, — וואָס איצטער, ליגנדיק אַזוי אין בעט, וואָלט געווען זייער גוט אַ לייען צו טאָן די „מאָרגן־פרייהייט“.

— ווער זשע לאָזט דיך ניט אַ לייען טאָן די „מאָרגן־פרייהייט“?

— ענטפערט זי אים קידער־ווידער.

— מען לאָזט מיך טאַקע לייענען די „מאָרגן־פרייהייט“, אָבער וואו זשע נעמט מען אַ „מאָרגן־פרייהייט“?

— וואו מען נעמט? — ענטפערט די מאַמע מאַלי. — באַ מוישע יוינען אין קענדי־סטאָר זײנען פאַראַן גענוג „מאָרגן־פרייהייטס“.

— יאָ, איך ווייס, — פאַרענטפערט זיך דער טאַטע, — דאַרף מען דאָך נעמען און אַראָפּגיין די טרעפּ און קומען אין קענדי־סטאָר.

— נו, נעמט מען און מען גייט אַראָפּ, — גיט די מאַמע אָן אייצע.

— יאָ, — מאַכט בערל שוין אַביסל אין קאַעס, — „נעמט מען און מען גייט אַראָפּ“. איז מען דאָך אָבער פויל. זונטיק האָב איך ליב צו זיין פויל.

— נו, אַז מען איז פויל, האָט מען ניט אין מויל, — ענטפערט די מאַמע מאַלי און גייט אַוועק אין קיך.

זעט איין בערל, אַז זיין ווייב מאַלי איז טאַקע גערעכט, אַז מען איז פויל האָט מען ניט אין מויל, נעמט ער שוין נעבעך, קריכט אַראָפּ פון בעט און וויל זיך שוין אָנטאָן די שיך, יאַוועט זיך ווידער די מאַמע מאַלי און זאָגט קלוימערשט בייז:

— וואָס זשע, דו גייסט טאַקע?

— יאָ, איך גיי, — ענטפערט דער טאַטע, און מען זעט, אַז ער וויל גראָדע ניט גיין.

— נו, גוט, ליג, ליג, — ענטפערט די מאַמע מאַלי שוין ליבלעך.

— נו, און די „מאָרגן־פרייהייט“? — פרעגט דער טאַטע.

— ווערסט שוין באַלד האָבן די „מאַרגן־פרייהייט“, — זאָגט די מאַמע מאַלי, און נעמט און שרייבט אָן אַ צעטעלע, לייגט דאָס אַריין לאַבזיקן צווישן די ציינדלעך און זאָגט צו אים: „צו מוישע יוינען אין קענדי־סטאָר.“

ווייסט גלייך לאַבזיק, וואָס מען וויל, און לאָזט זיך אַרויס אַ פריילעכער מיטן צעטעלע אין מויל גלייך צו מוישע יוינען אין קענדי־סטאָרקע. דערזעט מוישע יוינע דאָס צעטעלע אין לאַבזיקס מויל, נעמט ער דאָס אַרויס, לייענט דאָס איבער. צעלאַכט ער זיך פון דעם שיינעם איינפאַל, נעמט אַ „מאָרגן־פרייהייט“ און לייגט דאָס אַריין דעם הינטעלע צווישן די ציינדלעך. לויפט לאַבזיק צוריק אַ פריילעכער מיט דער „מאָרגן־פרייהייט“ אַהיים. איז בערל גליקלעך, פאַרקנייטשט די נאָז אין גרויס צופרידנקייט, הוסט זיך אויס, צעלייגט זיך זייער באַקוועם אין בעט מיט דער „מאָרגן־פרייהייט“ און מאַכט אַלעמאָל:

— אַ־אַ־אַ.

דאָס קוויקט ער זיך מיט די שיינע זאַכן, וואָס זיינען דאָ אין דער „מאָרגן־פרייהייט“. פרייט זיך אַוואָדע לאַבזיק אויך, וואָס בערל פרייט זיך, און וואָס ער, אַפילו אַ הינטעלע, קען ברענגען אַזאַ גרויסן נוצן אויף דער וועלט.

אַזוי איז געווען זונטיק נאָך זונטיק. לאַבזיק האָט שוין פאַרזאָרגט בערלען מיט דער „מאָרגן־פרייהייט“.

נו, איז געקומען נאָך אַ זונטיק אינדערפרי. אַזוי האָט געדאַרפט פאַסירן דעם זונטיק אינדערפרי אויך. ניט עמעס? אָבער גייט ווייסט. לאַבזיק לויפט מיטן צעטעלע צו מוישע יוינען. מוישע יוינע וועט אים געבן די „מאָרגן־פרייהייט“, וועט ער זי ברענגען אַהיים, וועט בערל ליגן אין בעט און זיך קוויקן מיט איר, וועט דאָס הינטעלע זיך פילן שטאָלץ, וואָס ער ברענגט נוצן אויף דער וועלט.

איז שוין לאַבזיק מיט איין שפּרונג דאָ מיטן צעטעלע בײַ מוישע יוינען אין קענדי־סטאָר. איז אָבער מוישע יוינע ניטאָ, ער איז ערגעץ אין הינטערשטן צימער. דערזעט פון דאָרטן לאַבזיקן, שטרעקט ער אויס די האַנט און מאַכט:

— איין מינוט, לאַבזיק, אָט קום איך גלייך אַרויס.

אָבער אָט וועט לאַבזיק באַלד גיין וואַרטן איין מינוט, ביז יענער וועט אַרויסקומען. אַז בערל דאַרף וואָס גיכער די „מאָרגן־פרייהייט“. אַחוץ דעם, וואָס דאַרף ער גאָר, אַז מוישע יוינע זאָל אים געבן די

„מאַרגן-פרייהייט“? און אַליין קען ער זיך ניט נעמען? ער האָט כאַס וועכאַלילע קיין סייכל ניט? שפּרינגט ער אַרויף אַפן געשטעל, וואו די צייטונגען ליגן, גיט אַ כאַפּ אַ צייטונג אין מויל און לאָזט זיך שוין צוריק. לויפט אַריין אַ פריילעכער אין הויז אַריין, און גלייך צו בערלען, וואָס ליגט צעלייגט אין בעט און פוילט זיך. גיט בערל אַ נעם צו פון אים די צייטונג, הוסט זיך אויס, צעשפּרייט זיך זייער באַקוועם אין בעט. .

אָבער פּלוצלונג — בערל קוקט אַף אים מיט גרויסע בייזע אויגן. בערל גיט אַ שפּרונג אַרויס פון בעט מיט שטורעם. בערל שרייט צו לאַבזיקן:

— אַזוי גאַר? וועסט טרייבן פון מיר שפּאַס? איך וועל דיר שוין געבן!

פאַרשטייט זיך, אַז לאַבזיק איז שוין באַלד ניטאָ. דערשמעקט אַז ס'איז שלעכט, איז ער אַנטלאָפן טיף אונטערן בעט. דערווייל לויפט אַריין פון קיך די מאַמע מאַלי, עס לויפן אַריין מוליק און ריפקעלע:

— וואָס איז? וואָס איז דאָ געשען?

— נאָ, קוקט, — שרייט בערל ניט מיט זיין קאָל, — קוקט וואָס פאַר אַ צייטונג דאָס געמיינע הינטל האָט מיר געבראַכט. טפו, — שפּייט ער אויס.

גיבן זיי אַלע אַ קוק אַף דער צייטונג און זעען, אַז ס'איז—אַ הוירסט צייטונג. שפּייען זיי אויך אויס און הייבן אויך אָן צו שרייען אַפן אָרעמען לאַבזיקן, און לאַבזיק ווינטשעוועט אַף זיך דעם טויט. ער ווייסט, אַז ער האָט דאָ עפּעס אָפּגעטאָן ניט קיין גוטע זאַך, אָבער וואָס, ווייסט ער ניט. טראַכט ער אַ טרויעריקער:

ווײ, ווײ, וואָס פאַר אַ נאַריש הינטעלע איך בין. ווי ס'איז שלעכט צו לעבן אַף דער וועלט. אוי, ס'וועט שוין פון מיר קיין לייט ניט זיין.

# לאַביק און דאָס פערד



שניי אינדרויסן און ס'איז באַנאַכט. קליינע שנייעלעך פאַלן און פאַלן. לאַביקן איז אַזוי גוט, וואָס די שנייעלעך פאַלן און פאַלן. ער כאַפּט די שנייעלעך מיט אַן אָפן מויל און שלינגט זיי. וואָס מערער ער שלינגט, אַלץ מער וויל ער נאָך און נאָך.

ס'איז דער ערשטער שניי אין דזשעקסאָן עווענױ, און באַ בערלען אין הויז איז אַ מיטינג. אָפן מיטינג איז פאַראַן זאָשע (שוין ניט מיט קיין צוגעבונדענער באַק: אירע ציין האָבן שוין, ווײַזט אויס, איר אויפגעהערט ווײ צו טאָן). שיפרע איז אויך דאָ אָפן מיטינג, און הײמי דעם געלנס טאַטע, און נױעך דעם שוואַרצנס מאַמע, און נאָך, און נאָך טאַטעס און מאַמעס. אָבער לאַביק האָט פײַנט מיטינגען. פאַר־שטייט סיי ווי סיי ניט, וואָס מען רעדט דאָרטן. האָט ער זיך אַרויס־געכאַפּט אינדרויסן.

איז אַזאַ שיינער שניי און דאָ דערמאָנט זיך פּלוצלונג לאַביק אין טוצין. טוצי מיט די געקרייזלטע ווייסע האָר און מיטן רויטינקן באַנטיקל אַרום האַלדז. האָט ער לאַנג ניט געטראַכט, פאַרקאַטשעט ס'ווידעלע און זיך צעיאָגט גיך, גיך, גלייך צו יענער זייט פּאַרקל, צום שיינעם הויז, וואו טוצי האָט געוואוינט.

זײַנען די פענצטער דאָרטן ליכטיק. פאַרייסט ער דאָס קעפּל אַרויף־צו און הייבט אָן צו האַווקען. יאַוועט זיך טוצי אַף אַ ווײַלע באַם פענצטער און קוקט אַרויס. אָבער בלויז טאַקע אַף אַ ווײַלע, ווײַל די רײַכע פרוי האָט זי, ווײַזט אויס, טײקעף צוגענומען פון דאָרטן.

ווערט לאַביקן מיטאַמאָל זייער טרויעריק און דאָ גייט נאָך אַרויס די לעוואָנע אָפן הימל. דער שניי האָט אויפגעהערט צו פאַלן, האָט זיך באַוויזן די לעוואָנע. אַזאַ גרויסע לעוואָנע. ווערט לאַביקן פון דער גרויסער לעוואָנע נאָך טרויעריקער. פאַרייסט ער דעם האַלדז צום הימל און הייבט אָן צו בילן, אַזוי אויסגעצויגן און דין:

— וואו־ו־ו־ו, וואו־ו־ו־ו.

עפנט מען דאָס פענצטער און מען טוט בייז אַ געשריי:

— שאַראַפּ! (דאָס הייסט — שאַ זאָל זײַן!)

איז פון דעם „שאַראַפּ" האָט ער זיך נאָך ערגער באַליידיקט, ווי

דעמאָלט ווען מען האָט אים אָפּגעגאָסן מיט הייס וואַסער. איז אַ שטילינקער, אַ נעבעכדיקער האָט ער זיך אומגעקערט אַהיים. איז שוין געווען נאָכן מיטינג. בערל מיט די זייניקע זיינען שוין געלעגן אין די בעטן. האָט זיך לאַבזיק אויך געלייגט אונטער ריפּקעלעס בעט, ניט געקענט צומאַכן קיין אויג און לאַנג, לאַנג געטראַכט וועגן זיין טרויעריק לעבן: אַז מען שרייט אַף אים „שאַראַפּ“, פּונקט ווי ער וואָלט געווען אַ כ׳וויים וועד. אנטשלאָפן געוואָרן איז ער זייער אַן אומעטיקער.

אינדערפרי, וואָלט ער עפּשער נאָך אַלץ געווען אַן אומעטיקער, איז אָבער שוין ניט געווען קיין צייט, ווייל ער האָט דערזען, אַז ס׳טוט זיך עפּעס אין דזשעקסאָן עוועניו. (איך האָב אייך גאָר פאַרגעסן צו דערציילן, אַז אַף דזשעקסאָן עוועניו איז געווען אַ גרויסע בעקעריי, וואו אַלע פרויען פון דעם בלאָק האָבן געקויפט ברויט.)

בערל, מאַלי, שיפרע, זאַשע, היימי דעם געלנס טאַטע, נויעכס מאַמע, און אַרעלעס מאַמע, און לייעס מאַמע, און נאָך, און נאָך מאַמעס און טאַטעס זיינען געגאַנגען אַהין און צוריק פאַר דער בעקעריי, גע־טראָגן אַף די פּלייצעס און אַף דער ברוסט פּלאַקאַטן.

„מיר קאָנען ניט צאָלן אַזוי טייער פאַר ברויט, איר מוזט דאָס מאַכן ביליקער.“ אַזוי איז געווען אָנגעשריבן אַף די פּלאַקאַטן, וואָס די מענטשן האָבן געטראָגן. פאַרשטייט זיך, אַז לאַבזיק האָט ניט גע־וואוסט, אַז ס׳שטייט אַזוי אָנגעשריבן, ווייל ער קאָן דאָך ניט לייענען, אָבער איין זאַך האָט ער יאָ געוואוסט, אַז וואָס ס׳זאָל דאָרטן ניט שטיין געשריבן, איז מיסטאָמע ריכטיק.

נו, ווי קען שוין איצט לאַבזיק זיין אומעטיק און טראַכטן וועגן טוצין, אַז מען דאַרף אויך גיין אַהין און צוריק צוזאַמען מיט די ברויט־סטרייקער. אַ סאַך פרויען פון דזשעקסאָן עוועניו זיינען געשטאַנען פונדערווייטנס און זיך צוגעקוקט. זיי וואָלטן אויך געדאַרפט אָנטאָן אַף זיך די „ברויט־סטרייק“ פּאַפּירן און מיטגיין מיט די איבעריקע. אָבער זיי האָבן מוירע געהאַט. ניט אַלע קענען דאָך זיין אַזוי בראַוו ווי בערל, מאַלי, שיפרע, זאַשע, היימי דעם געלנס טאַטע, נויעכס מאַמע און די איבעריקע.

בערל האָט אָנגעהויבן צו זינגען אַ ליד און אַלע האָבן אונטער־געכאַפּט, אַפילע די, וואָס זיינען געשטאַנען פונדערווייטנס האָבן אויך אונטערגעכאַפּט דאָס ליד, ווייל סטרייקן האָבן זיי טאַקע מוירע געהאַט,

אבער מיטזינגען נים. איז שוין געווען עמעס פריילעך אף דזשעקסאן עוועניו, ווי פלוצלונג מיטאמאל ווערט שטיל, זייער שטיל. וואס איז געוואָרן אזוי שטיל? און פאַרוואָס האָט לאַביזיק אנגעהויבן צו שאַרפן די ציינדלעך און אָנגעהויבן צו ברומען אין זיך, טיף אין בייכל? דאָס האָבן זיך באַוויזן צוויי רייטער פּאָליסלייט אף די פערד און עטלעכע פּאָליסלייט צופוס.

— אוי ווי, פּאָליסלייט! לאָמיר לויפן — האָט זאָשע אַ געשריי געטאָן.

האָט בערל אַ געשריי געטאָן צוריק זייער בייז:

— נים קיין טריט! אַלע אף די פלעצער.

זיינען זיי אַלע געבליבן אף די פלעצער און געהאַלטן אין איין גיין אַהין און צוריק.

מיסטער שטיינוווערצל, דער באָס, איז אַרויס פון זיין בעקעריי. דערזען, אַז די פּאָליסלייט זיינען שוין דאָ, איז ער געוואָרן שטאַרק בייז.

— וואָס דאַרפט איר דאָ? — האָט ער אַ געשריי געטאָן.

— מיר פּיקעטן — געענטפערט אים בערל קלאָר — ווייל דו האָסט אזוי טייער געמאַכט דעם פּרייז פון ברויט, אַז מיר קאָנען דאָס נים נאָכקומען.

— וואָס זאָל איך אייך טאָן? — צעווייינט זיך באַ אים די נאָז — ס'קאָסט מיך אַליין טייערער. איך דערלייג גאָר געלט.

— דערלייגסט און דערלייגסט, און פונדעסטוועגן אַ מינקענעם פוטער-מאַנטל טראָגט דיין ווייב. און זע וואָס איך טראָג — רופט זיך אָן זאָשע.

— שאַראַפּ! — צעבייזערט זיך זיין פלעצל נאָז. — זי וועט מיר גאָר גיין זאָגן דייעס, וואָס איך זאָל קויפן פאַר מיין ווייב.

— נו, וואָס וועלן מיר זיך גיין אויסטיינען? — מאַכט די מאַמע מאַלי. — זאָל ער אַראָפּלאָזן די פּרייזן פון ברויט, וועלן מיר אַראָפּלאָזן די סטרייק-פּלאַקאַטן און מיר וועלן גיין אַהיים. ער מיינט, אַז מיר טוען דאָס פאַר פאַרגעניגן וועגן.

ענטפערט שוין גאָרניט מיסטער שטיינוווערצל, גיט אַ וואונק צו די פּאָליסלייט, און זיי הייבן זיך אָן רוקן נעענטער און נעענטער.

— צעגאַנגען זאָל ווערן! — מאַכן די פּאָליסלייט מיט זייערע דעמבענע פלעקלעך.

לאַבזיק זעט ניט די פּאָליסלייט, ווייל זיי זיצן דאָך אויבן אַף די פערד. וואָס לאַבזיק זעט איז די פיס פון פערד. די פערד זיינען, ווייזט אויס, געווען געלערנט, האָבן זיי געשטופּט מיט זייערע ברוסטן און געבריקעט מיט זייערע פיס די סטרייקער. זאַשע האָט זיך דערשראָקן און איז אַנטלאָפן. די איבעריקע ניט. די איבעריקע האָבן געשריען:

— אַוועקעט, אַוועקעט, איר באָסעס קאָזאַקן!

דאָס פערד שטופּט מיט דער ברוסט די מענטשן. טרעט אָן אַף די פיס. ס'טוט ווי, מען שרייט. און נאָך מערער האָט ווי געטאָן דער מאַמען מאַלי, ווייל זי האָט געהאַט אַזאַ מין הינער־אויג אַפן פוס, וואָס אַז מען רירט דאָס בלויז אָן, שרייט זי געוואַלד, און ווער שמועסט נאָך, אַ פערדס אַ פוס. גיט לאַבזיק אַ כאַפּ מיט די ציינדלעך דעם געמיינעם פערדס פוס. גיט דער פערד אַזש אַ ציטער פון וויטיק און כאַפּט אַוועק דעם פוס. גיט אים לאַבזיק אַ כאַפּ אַריין דעם צווייטן פוס, גיט זיך יענער אײַנגאַנצן אַ הויב אין דער לופטן. לאָזט לאַבזיס ניט אָפּ, גיט אַ שפּרונג אין דער לופטן און כאַפּט אים אָן אינמיטן בויך. קלערט שוין דאָס פערד ניט קיין סאַך, גיט זיך אַ ריס, גיט זיך אַ יאָג, און אַנטלויפט שנעל און גיך, צוזאַמען מיטן פּאָליסמאַן, וואָס וויל אים איינהאַלטן באַם צוימל, אָבער — ס'העלפט ניט. אַנטלאָפן דאָס פערד. דערפרייט זיך דער אוילעם און שרייט:

— הור־ר־ר־ראַ!

דערזעט דאָס צווייטע פערד, ווי דער כאַוועך זיינער איז אַנט־לאָפן, שרעקט עס זיך אויך פון דעם גרויסן הור־ר־ראַ. טראַכט עס ניט קיין סאַך און גיט זיך אויך אַ צעיאָג און אַוועק אין אַ גאַלאָפּ. ווערט שוין דער הור־ר־ר־ראַ נאָך שטאַרקער. די פּאָליסלייט וואָס האָבן ניט קיין פערד גיבן זיך אַ לאָז אַף די סטרייקער, הייבן אָן צו פליען פון די פענצטער שאָלעכין פון איער און קאַליע טאָמייטעס און אפילע אַלטע שיך.

נו, פאַרשטייט זיך, אַז די איבעריקע פּאָליסלייט האָבן געמוזט נעבעך מאַכן דעם גרויסן אַנטלויף. און דזשעקסאָן עוועניו האָט אויפ־געהויבן דאָס גרויס געלעכטער און געלאַכט און געל־א־כ־ט איבער גאַנץ בראָנקס.

אָבער ס'איז נאָך ניט אַלץ. וואָס ווייטער איז געשען — אין דעם צווייטן מייסעלע.

# לאַבזיק און דער פּאַליס-וואַגן



גאַנצע נאַכט איז געפאַלן דער שניי. גאַנץ-פרי איז אַרויס די זון און ס'איז געווען ליכטיק און ווייס אין דזשעקסאַן עווענױ. לאַבזיק האָט זיך אַזוי שטאַרק געפרייט, וואָס עס איז ליכטיק און ווייס, אַז ער האָט גאָרניט געוואוסט, וואָס צו טאָן פון פרייד. אַריין אין גרויסן בעט, און אַ בים געטאָן דער מאַמע מאַלין אין נאָז אַריין. האָט יענע, פאַרשטייט זיך, אים געגעבן דעם עמעסן פסאָק. האָט ער אַ כאַפּ געטאָן בערלס שקאַרפעטקע פון רעכטן פוס און אַנטלאָפן מיט דעם אין קיך. איז בערל נאָכגעלאָפן מיטן רעכטן פוס אַ באָרוועסער און געשריען:

— אַ קאַפּאָרע! דו לאַבזיק, רוצח. גיב אָפּ די שקאַרפעטקע.

האָט דאָס הינטעלע אַ האָזקע געטאָן, ווי ער וואָלט זיך אַ רייץ געטאָן, און איז אַנטלאָפן מיט דער שקאַרפעטקע אין באָד-צימער. איז בערל אויך אַהין נאָכגעלאָפן, איז לאַבזיק אַרויס און אַרויף אין קיך אָפן פענצטער.

האַקלאַל, ס'איז דעם שוין געווען עמעס פריילעך, און אַלץ צוליב דעם, וואָס אינדרויסן איז אַזאַ ווייסער שניי און אַזאַ ליכטיקע זון.

שפעטער איז לאַבזיק געוואָרן נאָך פריילעכער. ווייל אָף דזשעק-סאָן עווענױ זיינען אָנגעקומען אַזוי פיל מענטשן. פון אַלע גאַסן אַרום און אַרום. די שכיינים פון די אַרומיקע גאַסן האָבן געהערט וועגן ברויט-סטרייק, האָבן זיי געוואָלט זען מיט זייערע אייגענע אויגן אַ ברויט-סטרייק, און אויך האָבן זיי זיך געוואָלט אויסלערנען, ווי מען מאַכט אַ ברויט-סטרייק. ווייל עפשער וועט דאָס צונוץ קומען אין זייערע גאַסן. די צייט איז אַזוי שלעכט. מען אַרבעט ניט. דער רעליף גיט אַזוי ווינציק, אַז ס'קלעקט גאָרניט. און אַלץ איז אַזוי טייער.

האַקלאַל, הונדערטער מענער, פרויען און קינדער האָבן זיך צונויפגענומען אַרום דער בעקעריי. זאָשע מיט אַ פאַרבונדענער באַק (די ציין האָבן איר באַני אָנגעהויבן ווי צו טאָן פון נעכטיקן דערשרעק), און ווידער אַמאָל די מאַמע מאַלי, דער טאַטע בערל, נויעכס מאַמע, הײמי דעם געלנס טאַטע, און פיל אַנדערע טאַטעס און מאַמעס.

און לאבזיק? פרעגט שוין ניט, ווי דאס הינטעלע האט צעארבעט. לאבזיק, אז ער דערזעט א סאך מענטשן, האט ער זיך ליב אויסצושטעלן און בארימען זיך. ער איז געגאנגען פארויס, ווי א גענעראל, און גע־האווקעט. ער האט זיך געשטעלט אף די פאדערשטע פיסלעך, ער האט געשאקלט מיט די אויערן און געדרייט מיטן ווידעלע. ווי פלוצ־לונג — שא, שטיל. פענעמער ווערן בלאס און דערשראקן, פענעמער דרייען זיך אוים צוריק צו־וועגס.

דאס הערן זיך שווערע טריט פון פיל פים. טרא־טא־טא, טרא־טא־טא. עס הערן זיך ווילדע קווימשען פון די פאליציי סירענעס. עס הערט זיך דאס טופעף פון צענדליקער פערדישע פים.

זיי גיבן זיך א רייס אריין. זיי הייבן אן צו ווארפן זייערע פלעקער גלייך אף די מענטשנס קעפ. די מאמע מאלי איז געפאלן אין שניי. זאשע האט אנגעהויבן צו קווימשען:

— געוואלד, און געוואלד.

מענטשן אנטלויפן אין די האלס. שויבן ברעכן זיך. עס דרייט זיך, ווי א שטורעם־ווינט דער גאנצער בלאק.

און לאבזיק? וואס קען שוין טאן לאבזיק קעגן אזוי פיל פאלים־לייט? ער פרובירט בייסן, רייסן, גיט מען אים א בריקע, א טרעט אפן קאפ, מאכט ער אליין א גרוים געוואלד. אבער פלוצלונג דערזעט דאס הינטעלע אזא זאך, וואס דאס בלוט אין זיינע אדערן ווערט פון דעם פארקילט. ער דערזעט, ווי דריי פאליסלייט האבן א כאפ געטאן בערלען דעם אפערייטאר. וויל ער צולויפן און ניט לאזן. איז שוין צו שפעט. מען האט אים ארייגעווארפן אין א פאלים־וואגן. דער טרייבער האט א קוועטש געטאן דארטן, וואו מען דארף, און דער פאלים־וואגן האט זיך געלאזט יאגן, מיט ווילדע קווימשערייען פון דער סירענע.

ווערט שוין לאבזיקן זייער ניט גוט און ער הייבט אן נאכצויאגן דעם וואגן. דער וואגן, ווי א וויכער, טראגט זיך ארויף, ארויף. לאבזיק מיט א פארימן ווידעלע אויך ארויף, ארויף. דער וואגן פאר־קערעוועט אין אן אנדער גאס, לאבזיק פארקערעוועט אויך אין אן אנדער גאס. ער קאן שוין ניט אטעמען, לאבזיק. ער פילט ווי ער וועט אוועקפאלן. און דא יאגט זיך דער וואגן איבער נאך גאסן און געסלעך, פארקערעוועט זיך און פארדרייט זיך. ביז דער וואגן פארט

צו אַ הויז מיט אַ פאַרמאַכט טויער. גיט דאָס פאַרמאַכטע טויער זיך אָן עפן, לאָזט אַריין דעם וואָגן. און איידער וואָס ווען—פאַרהאַקט זיך דאָס טויער זייער שנעל, גלייך אונטער לאַבזיקס נאָז.

קאַוואַטשעט דאָס הינטעלע, גראַבלט מיט די פיסלעך דאָס טויער. אָבער—וואָס קען ער שוין מאַכן? אַז ס'איז אַזאַ שווערער טויער, פון שטאָל געמאַכט.

דערווייל דערזעט לאַבזיק אַ צווייטע טיר, נאָענט דערביי, וואוהין מענטשן גייען אַריין און אַרויס. גייט זיך דאָס הינטעלע אויך אַריין, אַ קוק טאָן דאָרטן, עפּשער איז דאָך פאַראַן אָן אייצע. איז דאָרטן דאָ אַ גרויסער האָל און אינעווייניק טרעפּ, וואָס פירן אַרויף, אַרויף. לאָזט זיך דאָס הינטעלע אָף די טרעפּ אַרויף, אַרויף. פירן די טרעפּ אין אַ גרויסן צימער, וואו אָף די בענק זיצן אַ סאַך מענטשן, און אויבנאָן אָף אַ שטול זיצט איינער אין אַ שוואַרצן מאַנטל, זייער גרויס באַ זיך. לאַבזיק ווייסט ניט, אַז דער מענטש אין שוואַרצן מאַנטל איז אַ ריכטער און אַז דער צימער איז אַ געריכט-הויז. אָבער דאָס גייט אים סיי ווי סיי ניט אָן. ניט דאָס דאַרף ער האָבן. די טרעפּ אָבער ענדיקן זיך ניט אָט-דאָ לעבן גרויסן צימער. זיי פירן ווידער אַרויף, אַרויף. לויפט ער מיט די טרעפּ אַרויף, אַרויף און קומט אָן אין אַ צווייטן צימער. דער צימער איז אַ ביסעלע אַ קלענערער, און דאָרט זיצן אַ פּאָר פּאָליסליים און שפּילן אין קאָרטן. גייט דאָס אים אויך ניט אָן. שטעלן זיך די טרעפּ דאָ אויך ניט אָפּ, נאָר זיי גייען ווידער אַרויף, אַרויף. לויפט לאַבזיק אַרויף, אַרויף, שטאָק נאָך שטאָק, ביז ס'ענדיקן זיך שוין די טרעפּ און ס'הייבט זיך אָן דער דאַך.

שטייט ער אָפן דאַך און ס'איז אַזאַ שיינער שניי אָף אַלע אַנדערע דעכער און אַזוי ליכטיק, אַזאַ גרויסע זון. אָבער אויך דאָס גייט אים ניט אָן. ער שטייט אַ פאַרלוירענער, אַן עלנטער. פאַררייסט דאָס קעפּל צום הימל און וואָיעט און וואָיעט. אַזוי ווי ער וואָיעט דערזעט ער פלוצלונג פייער-טרעפּ. הערט ער אויף וואָיען און לאָזט זיך מיט די פייער-טרעפּ אַראָפּ, אַראָפּ.

קומט ער אַרויס אין אַ הויף אַריין און אין הויף שטייט דער פּאָליס-וואָגן שוין אַ ליידיקער. בערל געפינט זיך שוין, ווייזט אויס, ערגעץ אַנדערש. אין הויף זיינען דאָ אַ סאַך טירן און די טירן פירן ערגעץ. אָבער אַז לאַבזיק דאַרף האָבן אַזאַ טיר, וואָס ס'זאָל אים פירן צו בערלען דעם אַפּערייטאָר. ווייל ווי קען בערל דער אַפּערייטאָר

בלייבן אָן לאַבזיקן? שטייט אַזוי לאַבזיק זייער פאַרלוירן, זייער אָן אומעטיקער.

שאַ, אָבער וואָס האָט לאַבזיק פּלוצלונג אָנגעשפּיצט די אויער־לעך? פאַרוואָס? ער האָט עפּעס דערהערט. ער קען שווערן, אַז ער האָט דערהערט בערלס שטימע. מאַכט ער זיך שטיל, שטיל, און פּונקט ווי אַ גאַנעוו, אַזוי הייבט ער זיך אָן צו גאַנווענען אין אַ טיר אַריין, פונוואַנעט ער האָט געהערט בערלס שטימע.

דערוויל שטייט בערל פאַר אַ טיש, באַם טיש זיצט אַ פּאָליסמאַן מיט אַ פּען און פרעגט און פאַרשרייבט.

— ווי אַזוי הייסטו?

— וואו וואוינסטו?

— באַ וואָס אַרבעטסטו?

און נאָך פראַגן, און נאָך פראַגן. אָן אַ שיר פראַגן. אויסגעפרעגט אַלץ, הייסט דער פּאָליסמאַן בערלען זיך אַוועקזעצן אַף אַ באַנק און אויסוואַרטן, ביז מען וועט אים פירן צום ריכטער.

זעצט זיך אַנידער בערל אַף דער באַנק. פילט ער זיך אַ ביסל אומעטיק און פאַרזאָרגט. לאָזט ער אַראָפּ דעם קאָפּ און טראַכט. און אַזוי ווי ער טראַכט, דערהערט ער עמיצער זיפצט. ער קען שווערן, אַז ס'איז אַ באַקאַנטער זיפץ. ער גיט אַ קוק . . . . . דאַרף איך אייך שוין דערציילן — ווער? לאַבזיק שטייט זיך אַזוי שטיל מיט אַזויפיל ראַכמאָנעס און קוקט אַף בערלען, שאָקלט מיטן ווידעלע, פּינטלט מיט די אייגעלעך. נו, פאַרשטייט זיך, אַז בערל האָט זיך צעשמייכלט מיט אַ גרויסן שמייכל און אַ זאָג געטאָן:

— אַ קאַפּאָרע! דו, לאַבזיק, ביזט שוין דער ריכטיקער פאַרשוין.



# לאַביזיק און די טורמע



ו, איז שוין געווען נאכט. בערל ליגט אויפֿן האַרטן בעטל, וואָס אין טורמע־צעל. ער קען ניט איינשלאָפֿן. ער וואַרפֿט זיך אַהין און אַהער. און טראַכט, און טראַכט. לאַביזיק ליגט לעבן אים איינגענורעט און קען אויך ניט איינשלאָפֿן. ווייל אַז בערל קען ניט איינשלאָפֿן, ווי זשע קען ער אים לאָזן אַזוי?

בערל וויל צו עמיצן רעדן, האָט ער ניט צו וועמען צו רעדן. רעדט ער צום הינטעלע:

— נו, לאַביזיק — מאַכט ער — דו זעסט? אָט דאָס זיינען די באַסעס!

אויף דערויף ענטפֿערט לאַביזיק גאָרניט און גיט אַ זיפֿץ.

— אַ קאַפּאָרע! — רעדט ווייטער בערל.— האָרעווע אויפֿן שוואַרצן יאָר, קעדיי שטיינוווערצל זאָל קאָנען קויפֿן פּוטערלעך פֿאַר זיך און פֿאַר זיין ווייב. קיין שטיקל ברויט קאָן מען זיך שוין אויך ניט פֿאַרגינען. און אויב דיר געפֿעלט דאָס ניט, נעמט דער ריכטער און פֿאַרשפּאַרט מיך אויף פֿינף טעג טורמע. נו, לאַביזיק, דו זעסט שוין, וואָס עס הייסט גערעכטיקייט?

יאָ, לאַביזיק זעט שוין, וואָס אַזוינס הייסט גערעכטיקייט. אָבער אים אַרט ניט אַזוי פֿאַר זיך, ווי פֿאַר בערלען. דאָס הינטעלע פֿילט, אַז בערלען איז איצט זייער טרויעריק, דערפֿאַר רעדט יענער אַזוי פֿיל. לעקט אים לאַביזיק דאָס פּאָנעם.

— אַ קאַפּאָרע! לעק ניט, — שרייט קלוימערשט אָן בערל. — איך האָב פֿיינט, אַז מען לעקט מיך.

נו, הערט לאַביזיק אויף צו לעקן, אָבער זיינע אויגן בלייבן אויפֿן אין דער פֿינצטער, זיינע אויערן אָנגעשפּיצט, און ער הערט זיך צו צו יעדן ריר, וואָס בערל מאַכט.

— איז אַזוי — מאַכט בערל ווידער, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין — איז אַזוי, גוט, וועלן מיר אָפּזיצן אין טורמע די פֿינף טעג. אָבער וואָס וועט זיין מיטן ברוים־סטרייק? און אַז מיר וועלן פֿאַרשפּילן דעם ברויט־סטרייק, וועלן זיי זיך נעמען צום פֿלייש, צו דער

מילך, צו דער רענט. וועט שוין אַ אונזעריקער גאָר אינגאַנצן ניט קענען לעבן.

— נו, גוט, — מאַכט ווידער בערל, — איז ליגן מיר דאָ. נו, און די מאַמע מאַלי? און מיין זון מוליק? און מיין טעכטערל ריפקע?

און די נאַכט גייט דערוויל, בערל רעדט און רעדט, לאַבזיק הערט און הערט, אוןביידן איז אַזוי שווער אַפן האַרצן.

אָבער לאָמיר זיך אומקערן צו דזשעקסאָן עוועניו. יאָ, דזשעקסאָן עוועניו, פרעגט שוין גאָרניט, ווי טרויעריק גאַנץ דזשעקסאָן עוועניו איז געווען. און ניט אַזוי דאָס טרויעריק זיין, ווי מען האָט ניט געוואוסט וואָס צו טאָן. אַז מען האָט אַרעסטירט זייער פירער בערל דעם אָפּערייטאָר און — בערל איז ניט געווען דער איינציקער, ווענמען מען האָט אַרעסטירט. מען האָט אויך אַרעסטירט היימי דעם געלנס טאַטן, אַרעלעס טאַטע און נאָך אַ סאַך טאַטעס, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין ברויט-סטרייק. צווישן די ברויט-סטרייקער זיינען איצט געבליבן בלויז פרויען. איז געווען שווער אָן די מענער.

פונקט ווי בערל מיט לאַבזיקן אין טורמע האָבן ניט געקענט צו־מאַכן קיין אויג יענע נאַכט, אַזוי האָבן די מאַמע מאַלי מיט מוליקן און ריפקעלען ניט געקענט צומאַכן קיין אויג יענע נאַכט. די מאַמע מאַלי איז געווען אין געריכט, ווען דער ריכטער האָט בערלען פאַרזעצט אין טורמע אַף פינף טעג. זי האָט צו אים ניט געקענט רעדן, דער פּאָליסמאַן האָט ניט געלאָזט, אָבער דערפאַר האָט בערל צו איר אַ לאַך געטאָן מיט די אויגן. איצטער איז אָבער נאַכט און דער מאַמע מאַלין בענקט זיך זייער שטאַרק נאָך איר מאַן און ס'איז איר אומעטיק, רעדט זי צו די קינדער, וואָס שלאָפן איצט מיט איר אין איין בעט.

דאָ גייט דערוויל אַוועק די נאַכט און ס'קומט אָן דער פאַרטאָג. אַ גרינער פאַרטאָג מיט אַ ווייסן אינדרויסן.

גייט אַוועק דער גרינער פאַרטאָג און ס'קומט אָן דער ליכטיקער אינדערפרי. זיינען שוין אַלע פרויען אַף דער גאַס, קוקן צו די־בעקעריי און שווייגן.

— וועט דאָס שוין אַזוי בלייבן, וועט מען שוין פאַר די קינדער דאַרפן שניידן קלענערע רעפטלעך ברויט, — זאָגט זאַשע מיט אַ זיפץ.

— אַז מיר וועלן זיך לאָזן — מאַכט די מאַמע מאַלי — וועט מיסטער שטיינוועורצל אַרויפשיסן די פרייזן נאָך העכער. און די מילך־קאָמפּאַניעס, מיינט איר, וועלן שווייגן?

— וואָס־זשע הייבט מען טאַקע אָן צו טאָן? — רופט זיך אָפּ אַרעלעס מאַמע. — ס'איז שוין טאַקע גאָרניט דאָ קיין מיטל? קאָן דאָס טאַקע געמאָלט זיין?

ווייסט איר קיינער ניט וואָס צו ענטפערן. ס'ווערט שטיל. מען פרעגט שוין ניט קיין פראַגעס. מען קוקט בלויז מיט פאַרדרוס צו דער בעקעריי. בײַ דער טיר שטייט מיסטער שטיינווערצל און זיין פּלעצל־נאָז האַלט אין איין לאַכן.

דערווייל לאָמיר זיך אומקערן און זען, וואָס עס מאַכט דאָרטן לאַבזיק מיט בערלען. איז אָבער לאַבזיק גאָר ניטאָ אין טורמע־צעל. בלויז בערל זיצט זיך אויפן האַרטן בעטל און זינגט זיך אונטער אַ לידעלע.

וואו זשע איז טאַקע לאַבזיק? ע, ע, לאַבזיק איז שוין ווייט פון דאַנען. לאַבזיק איז שוין עפּשער אויף פּראָספּעקט עוועניו, און עפּשער גאָר טאַקע שוין אויף דער 162טער גאַס. ווער ווייסט? אַ הינטל אַז ער צעיאָגט זיך, איז ווי אַ ווינטער. פאַרטאָג, ווען דער וועכטער איז געקומען און האָט אויפגעעפנט די שווערע טיר מיט די גראַטעס, האָט זיך לאַבזיק אומבאַמערקט אַרויסגעגליטשט און איז אַנטלאָפן.

געיאָגט האָט ער זיך איבער די בראָנקסער גאַסן מיט אַ בריוועלע אין די ציין, וואָס בערל האָט אָנגעשריבן מיט אַ בליישטיפט צו זיין ווייב מאַלין. קיינער וואָלט אָט דאָס בריוועלע בײַ אים ניט געקענט אַרויסשלעפּן, סיידן מען זאָל אים פריער טויטן.

אַזוי האָט ער זיך געיאָגט גאַס־איין, גאַס־אויס און ער האָט שוין ניט געהאַט קיין אָטעם, און דאָס האַרץ בײַ אים איז שיר ניט צעשפּרונגען געוואָרן, און געפילט האָט ער, אַז אָט, אָט און ער לייגט זיך אַוועק, גייט אויס. אָבער ער האָט זיך געיאָגט און געיאָגט ביז ער איז אָנגעקומען אין דזשעקסאָן עוועניו און אַרויפגעשפּרונגען גלייך אויף דער מאַמע מאַלי.

— האָסטו געזען אַ ווילדער! — איז די מאַמע מאַלי קלוימערשט אין כּעס, שלעפּט אַרויס דאָס בריוועלע פון הינטעלעס ציין און הייבט דאָס אָן צו לייענען. ווערט שטיל אין דזשעקסאָן עוועניו, אַלע פרויען פאַרהאַלטן די אָטעמס, און וואַרטן, און וואַרטן.

איבערגעלייענט דאָס בריוועלע, זאָגט ניט די מאַמע מאַלי, וואָס עס שטייט דאָרטן, נאָר זי רופט זיך אָן מיט אַ פּעסט קול:

— פרויען פון דזשעקסאָן עוועניו, אַלע ווי איינע צו דער בעקעריי! טוט אָן די סטרייק־פּלאַקאַטן.

פאָלגט מען זי און מען טוט אָן די סטרייק־פּלאַקאַטן. רופט זי זיך ווייטער אָן:

— מיין מאַן בערל האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז אויב מען האָט די מענער פאַרשפּאַרט אין טורמע, דאַרפן די פרויען פאַרנעמען זייער פּלאַץ. פרויען קענען אויך סטרייקן.

— טאַקע! — רופט זיך אָן זאָשע — זע נאַר, געדענקט, כ'לעבן. פאַרוואָס איז אונדז דאָס פריער נים איינגעפאַלן?

— וואָס פריער איז געווען, איז פאַרפאַלן — רופט זיך אָנעם די מאַמע מאַלי זייער שטרענג, — אָבער איצטער וועלן מיר סטרייקן. מיין מאַן בערל האָט געזאָגט, אַז איך זאָל זיין די פירערן.

— זיי דו די פירערן — רופט זיך אָן אָרעלעס מאַמע, — אַבי ס'זאָל זיין גוט.

— לאָמיר זשע זינגען אַ ליד, קעדיי ס'זאָל אונדז זיין פריילעך, — רופט זיך ווידער אָן די מאַמע מאַלי.

— לאָמיר! — מאַכן אַלע.

שטעלן זיי זיך אין דער לענג, צו צוויי אין אַ שורע, און מען זינגט אַזאַ ליד:

מיר זיינען די פרויען, וואָס וואַשן וועש און צירעווען זאָקן,
זאָלן מיר זשע גאָרניט זיין דערשראָקן.
מיר וועלן זיי ניט לאָזן שינדן די הויט,
אַלע ווי איינע פאַר ביליקער ברויט.

מיר זיינען די פרויען, וואָס טוען די הויז־אַרבעט, קאָכן און ראַמען,
זאָלן מיר זיך דעריבער האַלטן אַלע צוזאַמען.
מיר וועלן זיי ניט לאָזן שינדן די הויט,
אַלע ווי איינע פאַר ביליקער ברויט.

מיר זיינען די פרויען פון אַרבעטער און אָרעמע לייט,
שווער אונדזער לעבן אין אַזאַ ביטערער צייט.
מיר וועלן זיי ניט לאָזן שינדן די הויט,
אַלע ווי איינע פאַר ביליקער ברויט.

אזוי האָבן געזונגען די פרויען פון דעם בלאָק. די פרויען פון די אַרומיקע בלאָקס, אַז זיי האָבן געהערט זינגען אַזאַ ליד, זיינען זיי געקומען צולויפן און געזאָגט איינע צו דער אַנדערער:

— דאָס לעבן איז טאַקע זייער שווער, אונדזערע מענער אַרבעטן נים און ברויט איז אַזוי טייער.

האָבן זיי זיך אויך אַנגעשלאָסן אין דער פּיקעט־ליניע און האָבן אויך מיטגעזונגען. איז געוואָרן די ריי גרעסער און גרעסער און מען האָט געשפּאַנט איינע נאָך דער אַנדערער און נים אויפגעהערט צו זינגען.

נו, און לאַבזיק? ער איז געגאַנגען פאָרויס, אַלעמאָל אויסגעדרייט דאָס קעפּל און געזען, ווי עס וואַקסט די פּיקעט־ליניע. האָט ער זיך אַ ביסל איבערגענומען, ווייל ער האָט געטראַכט, אַז דאָס האָט ער דאָס אַלץ אויפגעטאָן.

נאָר פּלוצלונג — שאַ, מען האָט אויפגעהערט צו זינגען. די פרויען טוליען זיך איינע צו דער אַנדערער, די פרויען שטופּן זיך צונויף.

וואָס איז געשען? איר ווייסט שוין מיסטאָמע, וואָס עס איז געשען. זיי זיינען ווידער געקומען, די פּאָליסלייט, אין אַזאַ גרויסער צאָל, הונדערטער און הונדערטער. זיי האָבן אַרומגערינגלט די פרויען, ווי אין אַ ראָד. דערנאָכדעם האָט מען זיי אָנגעהויבן צו שטופּן. גע־שטופּט און געשטויסן, ביז מען האָט זיי אָפּגעשטופּט צו דעם צווייטן עק בלאָק. דאָרטן האָט זיך די ראָד ניט צענומען, נאָר געבליבן שטיין און געהיט, אַז קיין איין פרוי זאָל זיך ניט דורכרייסן. שרייט די מאַמע מאָלי, שעלט און צאָרנט. אָבער ס'העלפט גאָרנים.

מיסטער שטיינוווּרצל שטייט באַ דער טיר און לאַכט:

— אַ, אַ, — מאַכט ער, — אייך ווילט זיך טראָבל, ווילט זיך אייך?

לאַבזיק האָוקעט בייז אָף שטיינוווּרצלען, אָף די פּאָליסלייט. ס'איז אים זייער שלעכט. ער זעט שוין, אַז ס'איז אַ גרויסע צאָרע. אָבער, וואָס פּלוצלונג הערן זיך אַזוי פיל טריט פונדערווייטנס? זאָלן דאָס אָנקומען נאָך פּאָליסלייט? צוליב וואָס דאַרף מען זיי? קאָרג זיינען זיי שוין דאָ? אָבער דאָך הערן זיך טריט. אַ סאַך טריט, פון הונדערטער פים.

פּלוצלונג:

— הו־ר־ר־אַ! הו־ר־רא! — שרייען פריילעך די מאַמעס.

וואָס איז געשען?

ארום אַ פינף הונדערט קינדער זיינען אָנגעקומען. קימאַט די גאַנצע פּאַבליק סקול, וואו מוליק און ריפקע האָבן זיך געלערנט. דאָס האָט זיי מוליק דערציילט וועגן סטרייק, און די קינדער האָבן באַשלאָסן, אַז ארום דריי אַזייגער, נאָכדעם ווי סקול ענדיקט זיך, קומען אַלע צוזאַמען אַף דזשעקסאָן עוועניו און העלפן דעם סטרייק.

און וואָס ווייטער איז געשען, איז מיר שוין אויך שווער אייך צו דערציילן. ווייל ס'איז געווען אַזאַ טומל אַף דזשעקסאָן עוועניו. די גאַס איז שוואַרץ געוואָרן פון קינדער. די פּאָליציי האָט זיך געוואָלט ווארפן אַף די קינדער, האָבן די מאַמעס ניט געלאָזט, האָבן זיי זיך געוואָלט ווארפן אַף די מאַמעס, האָבן די קינדער ניט געלאָזט.

בעשאָס אַף דער גאַס איז אָנגעגאַנגען דער טומל, איז בּאַ מיסטער שטיינוווערצל אין בעקעריי פאָרגעקומען אַ מיטינג פון שטיינוווערצלען מיט נאָך דריי בעקער באָסעס פון דער געגנט. וואָס דאָרטן איז פאָר־געקומען ווייסן מיר ניט, נאָר אין אַ האַלבער שאָ ארום האָט מען געזען אַ נייע שילד אין דער בעקעריי־פענצטער. דאָרטן איז געווען אָנגעשריבן: „שוין, ברויט ניט צען סענט אַ פונט, נאָר אַכט סענט אַ פונט."

נו, נו. פרעגט שוין ניט וואָס פאַר אַ הוראַ ס'איז געוואָרן. אָבער נאָך אַ גרעסערער הוראַ איז געוואָרן, ווען מיסטער שטיינוווערצל איז נאָכדעם אין אַ שאָ שפּעטער אָנגעקומען מיט אַ טעקסי, און פון דאָרטן האָבן ארויסגעשפּאַנט פריער שטיינוווערצל, דערנאָכדעם בערל. און ארעלעס טאַטע, און היימי דעם געלנס טאַטע, און אַלע איבעריקע טאַטעס. האָט מען געהאַלטן אין איין שרייען: הור־ר־ר־ראַ! און הור־ר־ר־ראַ! און הור־ר־ר־ראַ!

מיסטער שטיינוווערצל האָט זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן ביז מען וועט ענדיקן די הוראַ־געשרייען, האָט ער אַראָפּגעלאָזט זיין פּלעצל־נאָז און אַוועקגעשפּאַנט אין זיין בעקעריי.


ברויט:
סטרייק
גע-
צע-
טלט!

# לאַבזיק און דער שלעכטער מענטש

יבער גאַנץ דזשעקסאָן עוועניו זיינען געווען אויסגעקלעפּט גרויסע פּאַפּירן מיט בערלס בילד, און אונטערן בילד איז געווען אָנגעשריבן: „קלייבט אויס בערל דעם אָפּערייטאָר פאַר מעיאָר פון שטאָט, ער וועט זיין דער בעסטער מעיאָר פאַר די אַרבעטער און די אָרעמע מענטשן." ווען לאַבזיק האָט דאָס ערשטע מאָל דערזען בערלען אָפן פּלאַקאַט, האָט ער זיך דערשראָקן, זיך צעוואויעט און זיך שיר ניט צעוויינט, גאָרניט געקענט פאַרשטיין אַזאַ זאַך. איז ער אומיסטנע געלאָפן אין הויז אַ קוק טאָן, אויב בערל איז נאָך דאָ אַ לעבעדיקער אינדערהיים, אָדער ער איז שוין מערער ניטאָ קיין לעבעדיקער און בלויז געבליבן אָף די פּאַפּירן? יאָ, בערל איז נאָך דאָ אַ לעבעדיקער, טרינקט טיי און ברייט זיך די ליפּן. איז לאַבזיק געוואָרן זייער פריילעך פון דעם, וואָס בערל טרינקט טיי און ברייט זיך די ליפּן.

יאָ, די אַרבעטער און די אָרעמע פון בראָנקס — ווייסע און שוואַרצע, אידן און ניט־אידן — האָבן אָפּגעמאַכט אַזוי, אַז וואָס טויג זיי אַן אַנדער מעיאָר, וואָס איז אַליין אַ רייכער, בעסער וועלן זיי אויסקלייבן זייער אייגענעם מענטשן. און אַ בעסערער מעיאָר פון בערלען איז גאָרנישט ניטאָ. איז ער ניט געפאָרן קיין וואַשינגטאָן צום פּרעזידענט? איז ער ניט געזעסן אין טורמע צוליבן ברויט־סטרייק? און נאָך, און נאָך מיילעס. מוליק און ריפקע האָבן זיך זייער געגרויסט, וואָס די מענטשן ווילן, אַז זייער טאַטע זאָל זיין דער מעיאָר. לאַבזיק וואָלט זיך עפּשער אויך געוועזן געגרויסט, האָט ער גאָרניט פאַרשטאַנען.

נו, האָט מען אָנגעהויבן צו אַרבעטן פאַר בערלען, ער זאָל זיין מעיאָר. אומעטום וואו מען שטייט און וואו מען גייט — גרויסע פּאַפּירן מיט בערלס בילד: „קלייבט אויס בערל דעם אָפּערייטאָר פאַר מעיאָר."

איז אָף פּראָספּעקט עוועניו פאַרגעקומען אַ גרויסער מיטינג. הונדערטער אַרבעטער, טאַטעס, מאַמעס און קינדער זיינען זיך צונויפגעקומען פון אַלע אַרומיקע גאַסן. דזשעקסאָן עוועניו איז געקומען מיט

אַ גרויסער פּאָן. און אויף דער פּאָן איז געווען אויסגעמאָלן בערל דער אָפּעריימאָר. און אונטן איז געווען אָנגעשריבן: „קלייבט אים אויס פאַר מעיאָר. ער וועט שוין זיין דער עמעסער מעיאָר.“

לאַבזיק געהערט אויך צו דזשעקסאָן עווענוו, איז ער טאַקע אָנגעקומען מיט די דזשעקסאָנער. (זאַשע האָט געטראָגן די פּאָן. איר באַק איז שוין ניט געווען אָרומגעבונדן, ווייל ס'האָבן איר דעמאָלט ניט ווי געטאָן די ציין.)

אין יענעם פאַרנאַכט האָט לאַבזיק זייער שטאַרק מעקאַנע געווען די מענטשלעכע באַשעפעניש, וואָס פאַרמאָגן הענט. איי, ווען ער זאָל האָבן הענט, וואָלט ער דאָך געטראָגן די פּאָן מיטן גרויסן בילד. קיינער וואָלט ניט געזאָגט ניין.

מען האָט שוין געוואוסט, אַז דער מעיאָר־קאַנדידאַט אַליין, דאָס הייסט בערל דער אָפּעריימאָר, וועט אַרויסטרעטן אויפן מיטינג און וועט רעדן צו די בראָנקסער מענטשן. און אַזוי ווי מען האָט שוין בערלען געקענט אין דער לענג און אין דער ברייט, אומעטום אין די בראָנקס, אַפילו אין באָסטאָן ראָוד, און אין פּאָקס סטריט, און אין טרימאָנט עווענוו, און אין נאָך און נאָך גאַסן, זיינען דערפאַר זיך צונויפגעקומען אַזוי פיל מענטשן.

ס'איז געשטאַנען אַ פּלאַטפאָרמע און די מאַמע מאַלי איז געווען פאַרזיצערן. זי, הייסט דאָס, האָט פאַרגעשטעלט די רעדנער, און זיי האָבן געזאָגט, פאַרוואָס מען זאָל בערלען יאָ אויסקלייבן פאַרן מעיאָר פון ניו יאָרק.

פאַרשטייט זיך, אַז לאַבזיק איז אויך אַרויפגעקראָכן אויף דער פּלאַטפאָרמע און דאָרטן אויך געוואָלט שטיין. איין קלייניקייט, ס'איז דאָך זיין בערל. אָבער די מאַמע מאַלי האָט אים אַראָפּגעטריבן און לאַבזיק איז געוואָרן אומעטיק, וואָס מען האָט אים פאַרשעמט פאַר אַלע פרעמדע מענטשן.

די מאַמע מאַלי רופט זיך אָנעט:

— און איצטער, פריינד און פריינדינס, מענטשן פון די בראָנקס, וועל איך אייך פאַרשטעלן אַ פרוי, אַן אַרבעטער פרוי, וועמעס מאַן ליגט אין שפּיטאָל, ער איז קראַנק אויף די לונגען, און זי האָט פינף קינדערלעך, איינס קלענער פון אַנדערן.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט זי געמיינט זאַשען. גייט אַרויף זאַשע אויף דער פּלאַטפאָרמע און דערזעט אַזאַ עולם, הייבט זיך אָן

בא איר דייען דער קאָפּ. קיינמאָל נאָך האָט זי ניט גערעדט צו אַזוי פיל מענטשן. זאָגט צו איר די מאַמע מאַלי:

— שעם זיך ניט, זאָשע לעבן, אַלע זיינען דאָ אייגענע מענטשן, אַזוי ווי איך און דו.

ווערט שוין זאָשע אַ ביסל שטאַרקער בא זיך און זי הייבט אָן:

— און איך בין אייך געקומען זאָגן, פאַרוואָס מיר דאַרפן אויסקלייבן בערלען פאַרן מעיאָר פון ניו יאָרק. אָט האָבן מיר איצט אַ מעיאָר אין שטאָט, הייסט ער באָקער. נו, איז ער זייער רייך. פאָרט אַרום אין גרויסע אָטאָמאָבילן. קויפט זיך אַלע טאָג אָן אַנדער היטל, לעבט זיך אַ גוטן טאָג. נו, אָרט דאָס אים, וואָס איך האָב ניט צו צאָלן קיין רענט און מען וואַרפט אַרויס מיך מיט מיינע קינדער אָפּן שנײ? אָבער בערלען דעם אָפּערייטאָר האָט יאָ געאָרט, און ער האָט מיך טאַקע געראַטעוועט.

אָבער אַזוי ווי זי רעדט, פּלוצלונג גיט זיך אַ גאָס אַרויף וואַסער ערגעץ פון אויבן אָף זאָשעס פּאָנעם. מיינען אַלע, אַז עפּשער גייט אַ רעגן. אָבער — פאַרוואָס זשע זאָל דער רעגן גראָדע גיין אָף זאָשען? פאַרייסט מען די קעפּ אַרויף, זעט מען ווי אָפּן זעקסטן שטאָק פון אַ הויז, וואָס געפינט זיך ניט ווייט, לאַכן מענטשן פון די אָפענע פענצטער. דאָס איז געווען אומיסטנע אָנגעשטעלט פון דעם מעיאָר באָקערס מענטשן צו שטערן דעם מיטינג. ווערט דער אוילעם זייער אין קאָס, מאַכט מען קולאַקעס, מען הייבט די הענט אַרויף-צו-צו. אָבער זיי דאָרטן אויבן לאַכן דאָס גרעסטע געלעכטער.

דערווייל רופט אויס די מאַמע מאַלי:

— און איצטער, מיינע ליבע פריינד און פריינדינס, שטעל איך אייך פאָר דעם מעיאָר-קאַנדידאָט, בערלען דעם אָפּערייטאָר אַליין.

פאַרגעסט מען אין דעם, וואָס אויבן שטייען מענטשן און מאַכן כויזעק. ס'ווערט אַ גרויס געפּאַטשעריי און פריילעכע אויסגעשרייען:

— לאַנג לעבן זאָל אונדזער צוקונפטיקער מעיאָר, בערל דער אָפּערייטאָר!

האַלט שוין בערל די עמעסע רעדע. ער קען זייער שיין רעדן, בערל. ער האָט אַ שטאַרק קאָל, טראָגט זיך זיין קאָל איבער אַלעמענס קעפּ:

— אַרבעטער און אָרעמע מענטשן! — שרייט ער אויס. — מען האָט אונדז שטענדיק גענאַרט, שטענ... — ער האָט שוין דאָס וואָרט

ניט געקענט פאַרענדיקן, ווייל פון אויבן איז געפלויגן אַ פוילער עפּל און געטראָפן אים גלייך אין קאָפּ אַריין.

ווערט אַ גרויס געשריי. הייבן זיך הונדערט קולאַקעס אַרויף צום זעקסטן שטאָק. לאַכן אָבער יענע אין די אָפענע פענצטער אַפן זעקסטן שטאָק און שטעקן אַרויס די צינגער.

ווישט זיך בערל אָפּ דאָס פּאָנעם. ער ווערט ניט אין כּעס. ער איז זייער רואיק. און זאָגט:

— לאָמיר זיך ניט מאַכן ווילדיק. דאָס זיינען כוליגאַנעס אונטער־געקויפט פון דעם רייכן מעיאָר. הערט בעסער מיינע רייד און פאַר־געסט אָן זיי.

גוט איז בערלען צו זאָגן פאַרגעסט אָן זיי. אַז יעדע מינוט פליט אָן אַנדער פוילער עפּל.

און לאַבזיק? לאַבזיק איז שוין ניטאָ. וואו זשע איז ער? ער איז שוין דאָרטן אַפן זעקסטן שטאָק. דורכגעשמוגלט זיך דורכן פּאָליסמאַנס פיס, אַ קוק צו טאָן, וואָס ער קאָן טאָן. קומט ער אַרויף אַפן זעקסטן שטאָק, איז גראַדע די טיר אָפן. גייט ער זיך אַריין, זעט ער בלויז די פּלייצעס פון די מענטשן, ווייל זייערע פּענעמער שטעקן אין די פענצטער. טראַכט ער ניט לאַנג און . . .

— אוי! — צעשרייט זיך איינער.

— אוי! — צעשרייט זיך אַ צווייטער, און אַ דריטער, און אַ פערטער.

דאָס האָט לאַבזיק געביסן אין ריכטיקן פלאַץ. שטאַרק געביסן. און אַז לאַבזיק ווערט אין כּעס איז שוין ניט אָפּצוריימען. באַזונדערס האָט ער זיך איינגעביסן אין איינעם אַ גרויסן באָכער מיט אַ רויט, שלעכט פּאָנעם. ער האָט זיך געדרייט, דער באָכער, ווי אַ וויכער. און דער הינטעלע איז שטאַרקער געווען איינגעביסן אין זיין פלייש, ניט אָפּצערייסן.

— געוואַלד! — הייבט שוין אָן צו שרייען דער באָכער מיטן רויטן פּאָנעם.

איז דער פּאָליסמאַן אַרויף אַפן זעקסטן שטאָק, אַ קוק טאָן וואָס מען שרייט דאָרטן. האָט זיך לאַבזיק געוואָרפן אויך אַפן פּאָליסמאַן, אַזוי בייז איז ער געווען.

דעם סאָף ווילט איר וויסן? דער סאָף איז געווען זייער אַ גוטער. יענע איז שוין ניט געלעגן אינזינען וואַרפן פוילע עפּל און גיסן וואַסער.

זיי זיינען געווען פאַרנומען מיט לייגן קאַלטע וואַסער צו די צעביסענע פלעצער.

אַז לאַבזיק איז אַראָפּ, האָבן די מענטשן אים באַגעגנט מיט אַ גרויסן הוראַ.

— הוראַ! — האָבן זיי געשריען. — זאָל לעבן דאָס קלוגע הינטעלע לאַבזיק! זאָל לעבן דער כיינעוודיקער לאַבזיק!



# לאַבזיק לערנט זיך אויס כאַפּן אַ באַל



ען האָט בערלען פאַר קיין מעיאָר ניט אויסגעקליבן. פאַרוואָס? וועט איר פרעגן. אַזאַ טייערן מענטשן ווי בערלען, וואָס וואָלט געקענט טאָן אַ סאַך גוטס דער שטאָט. איז די מייסע אָבער, וואָס ניט אַלע אַרבעטער און אָרעמע מענטשן פאַרשטייען אַזאַ זאַך. לאָזן זיך נאָך אַלץ נאַרן פון פאַרשיידענע רייכע מענטשן, וואָס זאָגן צו אַלץ אין דער וועלט, אַבי מען זאָל אויס-קלייבן איינעם פון זייערע מענטשן פאַר מעיאָר.

איך זע, אַז אייך טוט באַנג, וואָס מען האָט בערלען ניט אויס-געקליבן פאַר מעיאָר. מיר טוט אויך באַנג און אַ סאַך מענטשן אין דזשעקסאָן עוועניו, און אין אַנדערע עוועניוס און גאַסן, האָט באַנג געטאָן. אָבער פאַרפאַלן. לאָמיר אָבער האָפן, אַז דאָס צווייטע מאָל ווען מען וועט דאַרפן עמיצן אויסקלייבן פאַר מעיאָר, וועלן אַלע אַרבעטער און אָרעמע מענטשן שוין פאַרשטיין וועמען מען דאַרף אויסקלייבן.

אָבער ניט דאָס וויל איך אייך דערציילן. איך וויל אייך דערציילן ווי ס׳איז געווען ביטער אין פיל הייזער אַף דזשעקסאָן עוועניו, ס׳איז פאַשעט ניט געווען קיין מילך פאַר די קינדער. באַ זאַשען אין הויז האָט מען שטאַרק אונטערגעהונגערט. אַוורעמעלע מיט די באָרוועסע פיסלעך איז גאָר געווען אינגאַנצן אומעטיק פון הונגער. ער האָט שוין ניט געקענט לאַכן. די איבעריקע קינדער האָבן פון צייט צו צייט יאָ געקענט אַ לאַך טאָן, אָבער אַוורעמעלע האָט שוין ניט געקענט קיין לאַך טאָן.

שיפרע מיט ביבין האָבן געהונגערט. דער שוואַרצער אינגל נויעך מיט זיין שוואַרצער מאַמען דינאַ האָבן געהונגערט. ס׳איז געווען אַ גרויסער ראַכמאָנעס אַף פיל הייזער אין דזשעקסאָן עוועניו, וואו ס׳איז פאַשעט קיין ברויט ניט געווען.

זיינען איינינקע מענטשן געלאָפן צו בערלען ער זאָל זיי געבן אַן אייצע. האָט ער צונויפגערופן אַ גרויסן מיטינג אין אַ זאַל אַף פּראָספּעקט עוועניו. קומט טאַקע איצט פאַר דער מיטינג.

דערווייל, ווען דער מיטינג קומט פאָר, שפּילט ריפקעלע מיט מיריעמען אין באַל אױף דער גאַס.

וואָס זשע, איר קענט ניט מיריעמען? ס'איז דאָך זאַשעס א טעכטערל.

יאָ, שפּילן זיי באַל. ריפקע וואַרפט דעם באַל צו מיריעמען, כאַפּט דאָס מיריעם איןביידע הענט. וואַרפט מיריעם דעם באַל צו ריפקעלען, כאַפּט דאָס ריפקעלע אין ביידע הענט, און אזוי אַהין און צוריק. לאַבזיק שטייט און קוקט. פליט דער באַל צו ריפקעלען, דרייט ער אוים זיין קעפּל צו ריפקעלען. פליט דער באַל צו מירימען, דרייט ער אוים זיין קעפל צו מיריעמען.

איי, וואָלט לאַבזיק אויך געוואָלט שפּילן באַל. נאָר גיי, אז ער איז ניט פון די מענטשלעכע קינדער. קוקט ער, דרייט דאָס קעפּל אַהין און צוריק און איז מעקאַנע.

דערווייל קומט אָן היימי דער גלער מיט די זומער-שפּרענקעלעך אױפן פּאַנעם. היימי דער גלער, ווי איר ווייסט שוין, טראָגט זיך שטענדיק אַרום מיט סוידעס און מיט פּלענער. זעט ער ווי לאַבזיק שטייט אזוי, קוקט צו און איז זיי מעקאַנע, וואָס זיי שפּילן באַל. פאַלט אים איין א נייער פּלאַן, שנייצט ער זיך גוט אוים די נאָז און רופט זיך אָן:

— איך דענק, ריפקע און מיריעם, אז לאַבזיק וואָלט געשפּילט באַל בעסער פון אייך.

— גיי שוין, גיי, — מאַכט ריפקע. — לאַבזיק גאָר! ווי אזוי קאָן גאָר לאַבזיק שפּילן באַל, אז ער האָט ניט קיין הענטלעך צו כאַפּן?

— פונדעסטוועגן זאָג איך אייך, — מאַכט ווידער היימי דער גלער, — אז יאָ. גיט נאָר אַהער דעם באַל.

גיט אים ריפקע דעם באַל. שרייט אוים היימי:

— לאַבזיק, שטעל זיך אנידער אנטקעגן מיר.

מאַכט ניט לאַבזיק קיין סאַך טײנעס און שטעלט זיך אנידער אנטקעגן היימין.

— ווייטער א ביסל, — ווייזט אים היימי מיט דער האַנט.

ווייטער — איז ווייטער. ס'קאָסט דען לאַבזיקן עפּעס?

— נו, און איצט — שרייט היימי — כאַפּ דעם באַל. — און ער טוט אים א וואַרף אין דער לופטן.

נעמט לאַבזיק, טוט אַ שפּרונג אין דער לופטן און כאַפּט דעם באַל אין די ציינדלעך.

— איצטער וואַרף אים מיר צוריק — הייסט היימי דער געלער.

וואַרט ניט לאַבזיק און ווי אַ וויכער, מיטן באַל אין די ציין, לויפט ער צוריק צו היימין, און גיט אים אַ וואַרף אונטער צו זיינע פיס.

דערוויל גייט די מאַמע אַרויס אינדרויסן, טוט זי אַ קוק אַף לאַבזיקן, ווי ער פאַרייסט דאָס קעפּל אַף צוריק מיטן באַל אין מויל. דאָס האָט ער אומיסטנע אַזוי פאַריסן דאָס קעפּל, קעדיי דעם באַל בעסער אַ וואַרף טאָן צו היימין. צעלאַכט זיך די מאַמע מאַלי אַף אַ קאָל. דערהערט דאָרטן מוליק אין קיך, ווי די מאַמע לאַכט, שטעקט ער אַרויס דעם קאָפּ דורכן פענצטער און צעלאַכט זיך אויך אַף אַ קאָל. דערהערט מען אין אַנדערע אַפענע פענצטער, ווי מען לאַכט, שטעקן זיי אויך אַרויס די קעפּ און מען צעלאַכט זיך אויך. האָקלאַל, גאַנץ דזשעקסאָן עוועניו האָט יענעם פאַרנאַכט געלאַכט און גע־ל־אַ־כ־ט.

יאָ, וואָס זשע האָט מען באַשטימט אַפן מיטינג? וועט איר זען מאָרגן. דערוויל עסט מען וועטשערע בא בערלען אין הויז. אַזוי ווי בערל האָט נאָך געהאָט אַ ביסל אַרבעט, האָט מען נאָך געקענט עסן וועטשערע. פאַרשטייט זיך, אַז די מאַמע מאַלי האָט אויך שיפרען מיט ביבין ניט פאַרגעסן.

האָט מען אָפּגעגעסן וועטשערע, געשמועסט נאָך אַ ביסל און זיך געלייגט שלאָפן. לאַבזיק האָט זיך דער ערשטער געלייגט, און ווי באַלד ער האָט נאָר פאַרמאַכט איין אייגעלע, אַזוי איז ער טייקעף אַנטשלאָפן געוואָרן. אַ קליינינקייט, ווי ער דערהאָרגעט דאָס אַ טאָג. איז ער געשלאָפן און געכראָפּעט.

לאַבזיק כראָפּעט אויך, ווען ער שלאָפט, אָבער די איינציקע מיילע איז, וואָס ער קען ניט הערן בעשאָס ער שלאָפט, ווי ער אַליין כראָפּעט. אַז ניט, וואָלט ער שוין גוט זיך אָנגעהאַוועקט אַף זיך אַליין.

יאָ, לייגט זיך שוין בערל אין בעט. לייגן זיך שוין מאַלי און ריפקע און מוליק. לייגט מען זיך שלאָפן אין פיל הייזער אין דזשעקסאָן עוועניו. אָבער — ווער ס'ווערט טאַקע אַנטשלאָפן, און ווער ס'קען ניט ווערן אַנטשלאָפן. אַז מען עסט ניט און דער מאָגן איז ליידיק, איז זייער שווער איינצושלאָפן. און אַף דזשעקסאָן עוועניו זיינען יענעם אָוונט געווען פיל מענטשן מיט ליידיקע מאָגנס.

אָבער די נאַכט גייט זיך דערוויל. גייט פון פינצטערניש צו

פינצטערניש, פון פינצטערניש צו גרויקייט, פון גרויקייט צו בלויקייט, פון בלויקייט צו ווייסקייט, פון ווייסקייט צו ליכטיקייט.

ליכטיק אַף דזשעקסאָן עווענין. די זון איז אויך געקומען אַף דער דעמאָנסטראַציע. יאָ, אַט דאָס האָט מען טאַקע באַשלאָסן נעכטן אַפּן מיטינג, אַז בערל זאָל פירן אַלע הונגעריקע צו דער רעליף ביוראָ און מאָנען רעליף, דאָס הייסט הילף פאַר זאַשען מיט אירע קינדער, פאַר שיפרען מיט ביבין און פאַר אַלע איבעריקע.

נו, צו דעמאָנסטראַציעס איז שוין לאַבזיק צוגעוואוינט. ער איז שוין געווען אַף אַ סאַך דעמאָנסטראַציעס. אַבער שטענדיק, צו יעדער דעמאָנסטראַציע, ווערט לאַבזיק באַניים פריילעך. ער האָט ליב, אַז עס זיינען דאָ אַ סאַך מענטשן און אַלע קוקן אַף אים. פאַרשטייט זיך, אַז ניט אַלע קוקן אַף אים, אַבער לאַבזיקן ווייזט זיך שטענדיק אויס, אַז קיינער האָט שוין גאָרניט וואָס צו טאָן, נאָר קוקן אַף לאַבזיקן.

דאָס מאָל ייגען זיך שוין צונויפגעקומען אַ סאַך מערער מענטשן, ווי באַ די פריערדיקע דעמאָנסטראַציעס. ווייזט אויס, אַז פיל מענטשן הייבן שוין אָן צו פאַרשטיין, אַז ווען מען נעמט זיך צונויף אַלע צוזאַמען פילט מען זיך שטאַרקער.

די מאַמע מאַלי האָט געטראָגן די אַמעריקאַנער פאָן. בערל מיט לאַבזיקן האָבן געשפּאַנט פאָרויס און נאָך זיי עפּשער פינף טויזנט מענטשן — מענער, פרויען און קינדער.

מען איז אָנגעקומען צו דער רעליף ביוראָ. נו, פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן שוין געוואַרט. ווער האָט געוואַרט? די וואָס וואַרטן שטענדיק אַף אַלע אַרבעטער דעמאָנסטראַציעס — פּאָליסלייט גראָבע, געזונטע, אַף פערד, צופוס און אין אַטאָמאָבילן. לאַבזיק דערשמעקט גלייך, אַז דאָ וועט זיין פריילעך, שפּיצט ער אָן די אויערן, לויפט מיט די אייגעלעך אַהין און צוריק.

„מיר ווילן רעליף, מיר ווילן ברויט, מיר ווילן הייזער צום וואוינען. מיר האָבן דאָס ברויט געבאַקן, מיר האָבן די הייזער געבויט — גיט אונדז רעליף“, — שרייט די דעמאָנסטראַציע.

שווייגן די פּאָליסלייט, טוען גאָרניט. שטענדיק וואַרפן זיי זיך און שלאָגן, איצטער אָבער טוען זיי גאָרניט. האָט די דעמאָנ־סטראַציע ניט פאַרשטאַנען, וואָס די פּאָליסלייט שווייגן, בערל האָט אָבער יאָ פאַרשטאַנען און ער האָט אַ מאַך געטאָן צו זיין ווייב מאָלין:




— אַט דאָס וואָס זיי שווייגן איז אַ שלעכטער סימען. עפּעס ווילן זיי אונדז אָפּטאָן.

און ער איז טאַקע געווען גערעכט. בערל האָט נאָך ניט פאַר־ענדיקט זיינע ווערטער צו זיין ווייב מאַלין, ווי אַ פּאָליסמאַן גיט פונדערווייטנס אַ מאַך מיט דער האַנט, גיט אַ צעוויג די האַנט, גיט אַ פייף אין דער לופטן אַ קליינטשיק באַמבעלע, ווי אַ באָל די גרויס. אַזאַ באָמבעלע, וואָס ווען זי פּלאַצט ווערט אַ רויך, מענטשן הויבן זיך אָן צו שטיקן, צו ניסן און צו וויינען. ווערט אַ גרויסער טומל. בערל שרייט:

— פאַרמאַכט די אויגן, פאַרשטעלט זיך מיט די הענט די פּענימער.

פֿאַרמאַכן די מענטשן די אויגן, נוריען זיך איין די קעפּ איינער אין אַנדערן און וואַרטן שוין מיט קלאַפּנדיקע הערצער.

אָבער פּלוצלונג אַ צעמישעניש אַף דער זייט פֿון די פּאָליסלייט.

— היט זיך, היט זיך! — שרייט אויס אַ קעפּטן.

וואָס זשע איז געווען די מייסע? לאַבזיק האָט געזען, ווי ס'פֿליט אַזאַ זאַך, ווי אַ באַל, האָט ער אַ שפּרונג געטאָן אין דער לופֿטן און האָט דאָס געפּאַקט אין די ציינדלעך. און אַז ער האָט דאָס שוין געהאַט אין די ציינדלעך, פֿאַרוואָס זשע זאָל ער דאָס ניט וואַרפֿן צוריק? איז ער ווידער, שנעל ווי אַ וויכער, פּונקט ווי ס'וואָלט טאַקע געווען אַ באַל, געלאָפֿן צוריק צו דעם פּאָליסמאַן, וואָס האָט דאָס געוואָרפֿן, און דאָס אַראָפּגעוואָרפֿן פֿאַר זיינע פֿיס. פּלאַצט די באָמבע, ווערט אַ רויך. הויבן זיך אָן די פּאָליסלייט צו שטיקן און צו ניסן.

האַקלאַל, ס'איז שוין געווען אַן עמעסער געלעכטער. די אַרבעטער האָבן געזען, אַז אַ הינטעלע כאַפּט די באָמבע, פֿאַרוואָס זשע זאָלן זיי ניט כאַפּן, אַז זיי האָבן נאָך צוויי הענט דערצו?

די פּאָליסלייט האָבן נעבעך געוויינט מיט ביטערע טרערן, שוין גאָרניט געקענט אויפֿטאָן און זיך צעלאָפֿן.

דער סאָף איז געווען, אַז דער עלטסטער פֿון דער רעליף ביוראָ האָט נעבעך געדאַרפֿט אַליין אַרויסגיין פֿאַרן אוילעם און זיך פֿאַרנויגן, אָנגעשריען קלוימערשט אַף די פּאָליסלייט, וואָס זיי האָבן געוואָלט וואַרפֿן באָמבעס. און אַז מען האָט אים געזאָגט, אַז זיי וועלן ניט אָפּטרעטן, ביז ער וועט זיי צוזאָגן געבן רעליף, האָט ער זיך דערשראָקן און גלייך צוגעזאָגט.

איז געוואָרן אַ גרויסער הוראַ, און מען האָט געשריען:

— לעבן זאָל בערל דער אָפּערייטאָר, אונדזער פֿירער! לעבן זאָל אויך דאָס הינטעלע לאַבזיק!

# לאַבזיק אין קוני־איילאַנד



יימי דעם געלן איז איינגעפאַלן, אַז מען דאַרף לאַבזיקן אויסלערנען שווימען. מוליק האָט גע־טראַכט, אַז ס'איז טאַקע אַ גוטער פּלאַן. פאַרוואָס טאַקע ניט? לאָז זיך לאַבזיק אויסלערנען שווימען. ווייל אַז מען קאָן שווימען, קומט צונוץ.

— אויב אַזוי, — מאַכט היימי און שנייצט זיך אויס די נאָז, — פאָרן מיר מאָרגן אַלע אין קוני־איילאַנד.

— זייער גוט, — מאַכט מוליק.

— זייער גוט, — מאַכט אויך ריפקעלע און פרייט זיך שטאַרק, וואָס מען וועט פאָרן אין קוני־איילאַנד, ווייל אין דזשעקסאָן עוועניו איז אַזוי היים און אַזוי דושנע, אַז מען קאָן אַזש ניט כאַפּן דעם אָטעם.

— אַ קאַפּאָרע, — גיט בערל דער אַפּערייטאָר אַ זיפץ, — ווען איך אַרבעט ניט מאָרגן, פאָר איך אויך מיט מיין ווייב מאַלין אין קוני־איילאַנד.

— מיר וועלן פאָרן, מיר וועלן פאָרן, — טרייסט אים זיין ווייב מאַלי. — זונטיק, אַז מיר וועלן זיין געזונט, וועלן מיר פאָרן.

לאַבזיק, פאַרשטייט זיך, האָט ניט געוואוסט, וואָס אַזוינס איז דער קוני־איילאַנד, און וואָס מען וויל דאָרטן טאָן. אָבער איין זאַך האָט ער געוואוכט, אַז מען קלייבט זיך ערגעץ.

גאַנץ פרי, איידער נאָך די זון איז ריכטיק אַרויס אָפּן הימל, איז שוין היימי געקומען מיט אָרעלען, מיט פעטן, מיט נאָסין, מיריעמלען, יאַנקלען, כייעמען, אַווּרעמלען און זונין. אַ גאַנצע כאַפּטע קינדערלעך פון דזשעקסאָן עוועניו, מיט סענדוויטשעס, מיט באַנאַנעס, מיט עפּל, באַרן און פלוימען. מוליק, ריפקע און לאַבזיק זיינען שוין אויך געווען גרייט מיט זייערע פעקלעך סענדוויטשעס, באַנאַנעס, עפּל, באַרן און פלוימען.

וועל איך אייך שוין ניט דערציילן די גרויסע רייזע, וואָס די קינדער האָבן דורכגעמאַכט מיט דער באַן, וואָס איז געלאָפן אונטער דער ערד, און דערנאָכדעם אַרויס אָף דער פרייער וועלט, און געלאָפן איבער אַלע הייזער גלייך קיין קוני־איילאַנד.

פאַר לאַביזיקן איז דאָס געווען אַ גרויסע איבערלעבונג. ער האָט געהאָווקעט פון פרייד, געוויזן קונצן, געדרייט זיך, אַרומגעלאָפן איבערן וואַגאָן, און גאָרניט געוואוסט וואָס צו טאָן פון גרויס געדולע.

דערפאַר אָבער, אַז די קינדער זיינען אָנגעקומען אין קוני־איילאַנד און לאַביזיק האָט דערזען אַ געוואָלד מיט מענטשן אַף די גאַסן, האָט ער זיך דערשראָקן, שטילער געוואָרן און זיך געטוליעט צו ריפקעלען.

ווען מען איז אַרויף אַפן זאַמד און דאָס הינטעלע האָט צום ערשטן מאָל דערזען דעם גרויסן יאַם מיט די בייזע כוואַליעס, וואָס האָבן זיך געריסן צום ברעג, האָט ער זיך שוין טאַקע גאָר דערשראָקן.

שפּעטער אַ ביסל האָט לאַביזיק באַשלאָסן, אַז עפּשער איז זיך ניטאָ וואָס צו שרעקן, ווייל די קינדער שרעקן זיך אויך ניט. זיי שפּילן אין באַל, לויפן אַרום איבערן זאַמד אין די באָד־קאָסטיומען. די באָד־קאָסטיומען האָבן די קינדער אָנגעטאָן נאָך אין דער היים. אַלץ וואָס זיי האָבן געדאַרפט טאָן, ווען זיי זיינען געקומען צום ברעג, איז אויסטאָן די אייבערשטע קליידער און — פאַרטיק.

נו, אַז דאָס הינטעלע האָט שוין געזען, ווי די איבעריקע שפּילן זיך אַזוי שיין, האָט ער זיך שוין געמאַכט האַרץ און זיך אויך געשפּילט. צום יאַם האָט ער אַפילע ניט געוואָלט קוקן. לאַביזיק האָט, ווייזט אויס, ניט ליב קיין יאַמען.

ס׳וואָלט שוין עפּשער לאַביזיקן געווען גוט אַפן זאַמדיקן ברעג, און מען וואָלט שוין ווי ס׳איז פריילעך פאַרבראַכט, ווען ניט אַן אַנדער צאָרע: די קינדער האָבן פּלוצלונג זיך אויפגעהערט צו שפּילן. זיי זיינען אַלע צוגעגאַנגען נאָענט צום וואַסער. אָבער דאָס איז נאָך אויך גאָרניט. לאַביזיקן איז עפּעס ניט געפעלן געוואָרן, וואָס אַלע קוקן צו שטאַרק אַף אים. אַלע קוקן דאָס אַף אים און שמייכלען עפּעס.

— קום מיט מיר, לאַביזיק, — מאַכט היימי און צייגט דעם הינטעלע צום יאַם.

אָבער ניט לאַביזיק וועט גיין. וואָדען, אַ נאַר וועט ער זיין?

— קום מיט מיר, — מאַכט גאָסי.

— קום מיט מיר, — מאַכט פּעט.

אָבער וואָס מערער די קינדער מאַכן „קום מיט מיר", אַלץ ווייטער רוקט ער זיך אָפּ פון זיי.

— קום מיט מיר, — מאַכט שוין מוליק.

אַז מוליק מאַכט שוין „קום מיט מיר“, קען דאָך לאַבזיק שוין ניט זיין קיין כאַזער. גייט ער שוין צו, אָבער בלויז אַ פּאָר טריט.

— קום מיט מיר, — מאַכט שוין ריפקעלע.

נו, אַז ריפקעלע אַליין מאַכט „קום מיט מיר“, קאָן ער זיך שוין גאָרניט העלפן. אַ שרעקנדיקער לאָזט ער זיך צו און בלייבט שטיין פאַר איר, אַ שרעקנדיקער און ציטערדיקער.

— שפּרינג אַריין אין וואַסער, — מאַכט ריפקעלע.

קוקט לאַבזיק אויף דעם וואַסער, קוקט און קוקט, אָבער ער רירט זיך ניט פון אָרט.

לאָזן אים די קינדער שטיין אַזוי־אַ אַ ציטערדיקן און אַלע נעמען זיך צונויף אין אַ ראָד. מען בויגט אָן די קעפּ איינער צום אַנדערן און מען סוידעט זיך, און מען שושקעט זיך.

לאַבזיק וויל אַזש וויינען, ווען ער זעט, ווי מען סוידעט זיך. ער ווייסט שוין, אַז מען סוידעט זיך אַזוי וועגן אים, אים אָפּצוטאָן אַ ניי שפּיצל.

וואָס אַזוינס האָבן זיי זיך טאַקע געסוידעט? מען האָט אויסגעטראַכט אַ פּלאַן, ווי אַזוי לאַבזיקן צו פאַרנאַרן אין וואַסער. דאָס איז געווען היימי דעם געלנס פּלאַן. אַזוי ווי מען ווייסט, אַז שטענדיק, ווען עמיצער וואַרפט אַ באַל, האָט לאַבזיק אַ טעווע צו לויפן נאָכן באַל און אים כאַפּן, האָט מוליק טאַקע גענומען דעם באַל און אים געגעבן אַ וואָרף אַריין אין וואַסער.

פאַרגעסט זיך אויף אַ ווייל לאַבזיק, גיט זיך אַ צעיאָג, גיט אַ שפּרונג, אָבער סאַמע באַם ברעג גיט ער זיך אַ שטעל אָפּ. ניין. ער קאָן ניט. טוט אים, וואָס איר ווילט, ער קאָן ניט. וואָס ער קאָן יאָ, איז האַווקען.

— האַוו, האַוו, — מאַכט ער צום באַל, וואָס וויגט זיך איצט אויף אַ כוואַליע אין יאַם.

— וואָס וועלן מיר זיך גאָר אײַנגאַנצן צערעמאָניען מיט אים, — שרייט אויס היימי דער געלער און שנייצט זיך אויס די נאָז מיט גרויס קאַס. — לאָמיר אים כאַפּן און מיט געוואַלד אַריינטראָגן אין וואַסער.

גיט זיך טאַקע היימי אַ לאָז צו לאַבזיקן און וויל אים כאַפּן. אָבער אָט אַזוי שנעל, מיינט איר, כאַפּט מען לאַבזיקן? ער האָט זיך געגעבן אַזאַ צעלויף, אַזאַ צעיאָג, איבערן גאַנצן ברעג. העט־העט, אַרויף האָט ער זיך צעיאָגט. היימי איז נאָכגעלאָפן, מוליק איז נאָכגעלאָפן, ריפּקעלע, גאָסי, אָרעלע און פּעט זיינען נאָכגעלאָפן. אָבער קיינער וועט

אים שוין ניט כאַפּן. מיט אַ פאַריסן ווײדעלע יאָגט זיך לאַבזיק און די נעשאַמע איז אים אַזש אין די פּיאַטעס.

גיט זיך הײמי דער געלער ווידער אַ שנײַץ די נאָז, רופט צונויף אַלע קינדער און מען סוידעט זיך ווידער. וואָס זיי האָבן זיך געסוידעט, ווייסט ניט לאַבזיק, נאָר ער זעט, ווי אַלע קינדער שפּרינגען אַרײַן אין וואַסער.

איז אים געוואָרן אומעטיק און טרויעריק. אין דער מינוט האָט ער אַזוי שטאַרק געבענקט צוריק נאָך דזשעקסאָן עוועניו. אָך, ווען מען זאָל אים איצט צוריקברענגען אַף דזשעקסאָן עוועניו! ער וואָלט דאָך אויסגעקושט יעדעס שטײנדעלע דאָרטן. דאָ איז דער יאָם אַזאַ בייזער. שפּרינגט מיט כוואַליעס אַפּן ברעג. די וואַסערן רײַסן זיך גלײַך צו לאַבזיקן. ער האָט מוירע, לאַבזיק. די קינדער זײַנען שוין אַוועקגעשוואומען אַזוי ווײַט. ווער ווייסט, וואָס ס'קאָן נאָך פּאַסירן. באַזונדערס פון ריפקעלען נעמט ער ניט אַראָפּ קיין אויג. ריפקעלע קאָן גוט שווימען. פּאַטשט זי מיט די הענטלעך, פּאַטשט מיט די פיסלעך און שווימט אַוועק אַלץ ווײַטער און ווײַטער פון אים, פון לאַבזיקן. פון גרויס בענקשאַפט האָט זיך דאָס הינטעלע אַזש צוגעוויצט, פאַרגראָבן די לאַפּקעס אין זאַמד און געבילט אַזוי דין און ציטעריק, אַקוראַט ווי אַ קלײן קינד וואָלט געוויינט.

— וואו־ו־ו, וואו־ו־ו, — האָט ער געמאַכט, — וואו־ו־ו, וואו־ו־ו.

אָבער פּלוצלונג — מען שרײַט געוואַלד. אַזאַ גרויסער ליאַרעם. וואָס איז? וואָס איז? אַ קינד טרינקט זיך. געוואַ־וואַלד, אַ קינד טרינקט זיך! לאַבזיק ווייסט שוין ווער דאָס קינד איז. דאָס איז ריפקעלע. מיטן קעפּל טונקט זי זיך איך וואַסער. געוואַ־וואַ־אַלד! די מענטשן, וואָס באָדן זיך, זײַנען ווײַט פון איר.

געדענקט שוין ניט לאַבזיק, ווי אַזוי פּלוצלונג ער איז אַרײַן אין דעם וואַסער. ער האָט געמאַכט מיט אַלע פיר פיסלעך שנעל, שנעל און ס'האָט אים געטראָגן גלײַך צו ריפקעלען.

אָבער פאַרוואָס לאַכן אַזוי אַלע קינדער? ריפקעלע אַלײן לאַכט אויך. זי טרינקט זיך גאָרניט, זיי הייבט אָן צו שווימען, פונקט ווי גאָרניט, און — לאַכט. פאַרשטייט שוין לאַבזיק, אַז דאָס האָט מען אים אָפּגענאַרט, דרייט ער זיך אויס צוריק צום ברעג, אַ נאַסער און

א בייזער. די קינדער גייען אויך אַרויס פון וואַסער און ל־אַ־כ־ן און רייצן זיך:

— אָבער דו ביסט געקראָכן אין וואַסער, לאַבזיק, — רייצט זיך היימיי.

— האַוו, האַוו, — מאַכט לאַבזיק זייער בייז.

דאָס הינטעלע איז שוין געבליבן אַ בייזער און אַ ברויגעזער, ניט געוואָלט צו קיינעם ניט רעדן, אַפילו צו ריפּקעלען אויך ניט.

ווען אַלע קינדער זיינען געקומען אַהיים צוריק אין די בראָנקס, איז לאַבזיק גלייך אַריינגעלאָפן אין הויז צו דער מאַמע מאַלין און אָנגעהויבן צו האַווקען גיך, גיך. דאָס האָט ער איר געוואָלט דערציילן, ווי די קינדער האָבן אים אָפּגענאַרט. האָט אָבער די מאַמע מאַלי ניט פאַרשטאַנען, וואָס ער האַווקעט, און אים אָפּגעטריבן. איז אים זיין האַרץ געוואָרן נאָך שווערער און ער האָט געטראַכט, אַז דאָס מאָל וועט ער שוין טאַקע אַוועקפאָרן קיין פילאַדעלפיע, איינמאָל פאַר אַלעמאָל, און אַן עק זאָל דאָס נעמען.



# לאַבזיק גראַבלט אין דער טיר



ען האָט געמאַכט אַ גרויסן יאָנטעוו בא בערלען אין שטוב. צוליב וואָס איז געווען דער יאָנטעוו? נאָך דעם, וואָס מען האָט געוואונען רעליף, איז באַשלאָסן געוואָרן מאַכן אַ יאָנטעוו און בא געדעקטע טישן זיך דורכרעדן, וואָס מען דאַרף ווייטער טאָן. ווייל בערל האָט געזאָגט, אַז אויב מען האָט אָנגעהויבן צו געבן רעליף, איז נאָר דערפאַר, וואָס מען האָט זיך דערשראָקן פאַר די אַרבעטער. אָבער שפּעטער קען מען נאָך אויפהערן צו געבן דעם רעליף, און ס'וועט ווייטער זיין שלעכט.

יאָ, האָט מען געמאַכט אַ גרויסן יאָנטעוו בא בערלען אין שטוב, זיינען זיך צונויפגעקומען פיל מענטשן. אַזוי ווי ס'האָט ניט געקלעקט קיין בענקלעך פאַר אַלע, זיינען אַ סאַך געבליבן שטיין בא די ווענט. אָבער ס'האָט זיי ניט געאַרט. מען האָט געגעסן הערינג מיט קאַרטאָפליעס, מען האָט געטרונקען וויינשל-סאָדע און מאַראַנצן-סאָדע, און לימענע-סאָדע. מען האָט געזונגען לידער, מען האָט געהאַלטן רעדעס, און יעדער איינער האָט געזאָגט, אַז די אַרבעטער און אָרעמע מענטשן דאַרפן זיך האַלטן צוזאַמען. אַז אויב נאָך מערער מענטשן וועלן צושטיין, קען עפּשער אינגאַנצן ווערן גוט.

און לאַבזיק? לאַבזיק, פאַרשטייט זיך, איז געווען דער הויפּט-מעכוטן. ער איז געלאָפן אַלעמאָל צו דער טיר באַגעגענען די מענטשן, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין קומען. ער האָט זיי באַגריסט מיט אַזאַ מין האַווקע, וואָס האָט געקענט מיינען:

— האַו דו יו דו, אָדער אַ גוט אָוונט; וואָס מאַכט איר? ווי פילט איר זיך עפּעס? וואָס האָט מען אייך שוין אַזאַ לאַנגע צייט ניט געזען? זיצט! פאַרוואָס זיצט איר ניט? נעמט עפּעס אין מויל אַריין. פאַרוואָס זיצט איר ניט? איר זייט דאָך מיד. רוט אָפּ די ביינער. אַזוי פיל טרעפּ געדאַרפט אַרויפגיין. — אָט דאָס אַלץ האָט לאַבזיק אויסגעדריקט אין זיין קורצן ליבלעכן „האַוו, האַוו!“

אַלע האָבן גערעדט צו אים גוטע רייד, געגלעט און ער האָט זיך שטאַרק איבערגענומען, פאַריסן דאָס ווידעלע און זיך אָנגעהויבן

נאַריש צו מאַכן. שפּעטער, ווען מען האָט אָנגעהויבן די רעדעס און אַלע האָבן שוין מערער ניט געקוקט אויף אים, האָט אים פאַרדראָסן אַזאַ זאַך. ער איז אַרויפגעקראָכן אויפן טיש, קעדיי אַלע זאָלן זען, אַז ער, לאַבזיק, לעבט נאָך. פאַרשטייט זיך, אַז בערל האָט אים אַראָפּ־געטריבן און געזאָגט צו אים:

— אַ קאַפּאַרע! דו נאַריש הינטעלע, אויפן טיש איז ניט שיין צו קריכן.

ריפקע האָט אים אַ קניפּ געטאָן אין האַלדז און געזאָגט:

— אוי דו, לאַבזיק, פאַר׳שעמסט אונדז פאַר די מענטשן. וואָס וועלן זיי זאָגן? זיי וועלן זאָגן, אַז בא בערלען דעם אַפּערייטאָר וואַקסט אַ ווילד נאַריש הינטעלע.

נו, האָט ער זיך געפילט אַ ביסל באַלײדיקט, געזעסן אויף ריפקעלעס קני און געמאַכט זיך קלוימערשט, אַז ער דרעמלט.

איז אַזוי ווי מען זינגט, מען רעדט און מען פרייט זיך, ווי פּלוצלונג ווערן לאַבזיקס אויערן אָנגעשפּיצט, און ער הייבט אָן צו ברומען אין בייכעלע. ווערן אַלע שטיל און מען קוקט אויף לאַבזיקן. בערל וואונ־דערט זיך, ווייל וואָס פּלוצלונג האָט ער זיך אַזוי צעברומט אין זיין בייכעלע?

— דאָ מוז עפּעס זיין — רופט זיך אָנעט די מאַמע מאַלי — ווייל ניט אומזיסט וועט ער אַזוי ברומען. — און זי הויבט זיך אויף פון אָרט.

דאָס האָט זיך אַזוי לאַבזיק צעברומט, ווייל ער האָט דערשמעקט, ווי עפּעס פרעמדע מענטשן קומען אָן אויף די טרעפּ. אָבער מען האָט נאָך געקענט מיינען, אַז עפּשער גייען זיי גאָרניט צו בערלען. אָבער, יאָ, לעבן בערלס טיר האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. לאַבזיק האָט שוין מערער ניט געברומט, ער האָט זיך געריסן מיטן גאַנצן קויעך, ער האָט געשאַרפט די ציין, ער האָט געוואָיעט הויך אויף אַ קאָל, אַקוראַט ווי מען וואָלט אים אַרויפגעטראָטן אויפן וויידעלע.

פאַרשטייט זיך, אַז בא אַלעמען קלאַפּן די הערצער, די פּענעמער—דערשראָקן, און מערער פון אַלעמען שרעקט זיך די מאַמע מאַלי.

יאָ, צוויי מענטשן זיינען אַריינגעקומען אין הויז און געקוקט אויף אַלעמען מיט פרעמדע אויגן. איינער אַ הויכער מיט אַזוינע ברייטע פּלייצעס, אַז זיי האָבן אַזש פאַרשטעלט די טיר, מיט אַזאַ געזונטן האַלדז, ווי פון אַ גראָבן אָקס. מיט אַזוינע גרויסע שווערע הענט, אַז

ווען זיי פאַלן אַראָפּ אַף עמיצנס קאָפּ מאַכן זיי אַ לאַך. מיט אַזאַ געזונטער מאָרדע, אַז ער וואָלט געקענט קנאַקן נים מיט איר.

דער צווייטער, דאַפקע אַ קלייניקער, אַ דאַרינקער, קלאַמפּערשט אַ לאַכנדיקער און אַן איידעלער, גרוויע האָר מיט גאָלדענע ברילן, אָנ-געטאָן אין אַ שיינעם בלויען אָנצוג מיט אַ דימענט-שפּילקעלע אַפן שניפּס. גערעדט האָט בלויז דער דאַרינקער מענטש. ער רופט זיך אָנעט אַזוי איידל:

— וואוינט דאָ בערל דער אָפּערייטאָר?

— אָז דאָ — ענטפערט בערל אומצופרידן, — אַז דאָ, וואָס זשע ווילט איר?

— האָט איר צוויי קינדער, איינער הייסט מוליק און די צווייטע הייסט ריפקעלע?

— וואָס דאַרפט איר מיינע קינדער? — ווערט בערל דער אָפּערייטאָר בלאָס, און באַ דער מאַמע מאַלין הייבן אָן די קני צו ציטערן, און ריפקעלע כאַפּט אָן מוליקן באַ דער האַנט.

און לאַבזיק? לאַבזיק איז פאַרשלאָסן באַם באַרדזיר אין צימער.



דאָס האָט אים די מאַמע מאַלי פאַר-שלאָסן, קעדיי ער זאָל זיך ניט בייסן. גראַבלט לאַבזיק מיט די לאַפּקעס אין דער פאַר-שלאָסענער טיר וואַיעט און וואַ-יעט און קען זיך נים באַרואיקן.

— וואָס זשע ווילט איר, אַז מיר האָבן צוויי קינ-דער? — פרעגט די מאַמע מאַלי און דאָס האַרץ קלאַפּט אַזוי שטאַרק.

— וואָס מיר ווילן — רופט זיך אָן דער דאַרינקער, קלאַמפּערשט אײדל, און דער הױכער, דער שטאַרקער, זאָגט גאָרניט, שטײט באַ דער טיר, קעדײ ניט לאָזן קײנעם אַנטלױפן, און שװײגט. — יאָ, װאָס מיר װילן, איז די מײסע אַזױ: דער פּרינציפּאַל פון סקול האָט באַריכט צו דער קינדער־געזעלשאַפט, אַז באַ אים אין שול לערנען זיך אײערע צװײ קינדער. אײערע דאָזיקע צװײ קינדער פירן איבער די איבעריקע קינדער, און דעריבער דאַרפן מיר זײ ברענגען פאַרן ריכטער פון דער קינדער־געזעלשאַפט.

— אַ קאַפּאָרע! — צעשרײט זיך דער טאַטע בערל — װאָס האָט איר צו טאָן מיט אונדזערע צװײ קינדער?

— אַט, אַט — מאַכט דער דאַרינקער זײער זיס, — אַט, אַט, מען דאַרף ניט שרײען. מען דאַרף רעדן װי אַ דזשענטלמאַן.

— אַ קאַפּאָרע מיט אַזױנע דזשענטעללײט! — ציטערט שױן בערל פון כּעס. — װאָס פאַר אַ קינדער־געזעלשאַפט? װאָס פאַר אַ ריכטער?

— אַז איר װעט זיך זידלען, װעט איר ערגער מאַכן — מאַכט דער דאַרינקער מיט אַ קװיטש. — אין קורצן: אײער זון מוליק און אײער טאָכטער ריפקע האָבן אָנגערעדט אַלע קינדער זײ זאָלן העלפן פּיקעטן די בעקערײ. און נאָך העט פריער איז געװען אַ סטרײק אין סקול, און ס'איז אַלץ אײערע קינדערס אַרבעט.

— בערל, װאַרף זײ אַרױס פונדאַנען! — שרײט די מאַמע מאַלי.

— כאַװײרים, װאָס שװײגט איר? איר זעט דאָך װער זײ זײנען.

טראַכט ניט לאַנג דער דאַרינקער, נעמט אַרױס אַ פײפל פון קעשענע און גיט אַ פײף. לױפן טײקעף אַרױף פּאָליסלײט.

נו, װאָס זאָל איך אײך דערצײלן? די מאַמע מאַלי האָט גע־כאַלעשט, פאַרמאַכט די אױגן, פאַרװאָרפן דעם קאָפּ, אומגעפאַלן אַף דער ערד און געכאַלעשט. בערל דער אָפּערײטאָר האָט זיך געשלאָגן מיט די פּאָליסלײט. אַלע מענטשן האָבן אים געהאָלפן. לאַבזיק אין פאַרשלאָסענעם צימער האָט אַזױ געיאָמערט, אַזױ געװאָיעט. אײ, װען ער זאָל ניט געװען זײן פאַרשלאָסן. אָבער די פּאָליסלײט זײנען שטאַרקער, און מוליקן און ריפקען האָט מען אַ כאַפּ געטאָן, װי צװײ הינדלעך. מען האָט זײ אַ טאַסקע געטאָן אַף די הענט די טרעפּ אַראָפּ, מען האָט זײ אַרײנגעװאָרפן אין אַן אַטאָמאָביל. דער אַטאָמאָביל האָט אַ פאָר געטאָן גיך, גיך אין װײטע גאַסן און איז פאַרשװאונדן געװאָרן.

און באַ בערלען אין הױז איז געװאָרן לײדיק... לײדיק...

# לאַבזיק אין קינדער־געריכט



אַנץ דזשעקסאָן וועניו האָט באַלאַגערט דעם קינדער־געריכט. אינעווייניק האָט מען קיינעם ניט אַריינגעלאָזט. אינעווייניק איז געזעסן דער אַלטיטשקער ריכטער אַף אַ גרויסן שוואַרצן שטול, און זיך געשאָקלט, און זיך געשאָקלט. אַן אַלטיטשקער ריכטער מיט אַ צעקנייטשט פּנים און מיט קישעלעך אונטער די אויגן. אַנטקעגן זיינען געשטאַנען מוליק און ריפקע זייער אויסגעדאַרטע. ניט דערפאַר, ווייל מען האָט זיי ניט געגעבן קיין עסן. מען האָט זיי גראָדע דאָרטן יאָ געגעבן עסן, אָבער דאָס עסן איז ניט געקראָכן אין האַלדז אַריין. אַחוץ דעם האָט ריפקעלע אַ גאַנצע נאַכט ניט געקענט שלאָפן.

לעבן זיי זיינען געשטאַנען בערל און די מאַמע מאַלי. די מאַמע מאַלי איז געווען אַזוי פאַרענדערט, אַז ס׳איז זי גאָרניט געווען צו דערקענען. אַזוינע טרויעריקע אויגן האָט זי געהאַט, אַזויפיל קנייטשן אַפן פּנים. דער טאַטע בערל האָט זיך נאָך געהאַלטן שטאַרק, אָבער מען האָט שוין געקאָנט דערקענען, ווי ס׳עסט אים אינעווייניק. באַ דער זייט איז אויך געשטאַנען דער פּרינציפּאַל פון סקול און מיסטער שטיינוווערצל.

און לאַבזיק? לאַבזיק איז אויך געווען אינעווייניק. מען האָט אים טאַקע ניט אַריינגעלאָזט, איז ער פאַרקראָכן אין הויף און אַריינגעשפּרונגען דורכן פענצטער. אים איז אויך ניט געווען צו דערקענען. אויך ניט געקענט שלאָפן אָן ריפקעלען. געבענקט, אַזוי געבענקט נאָך זיינע צוויי פריינט, אַז ס׳האָט אים ווי געטאָן אין בייכעלע.

בערל האָט גערעדט צום ריכטער זייער ביז. ער האָט אים געזאָגט, אַז זיינע קינדער האָבן באַ קיינעם ניט געגאַנוועט, קיינעם ניט דערהאַרגעט. זיי האָבן נאָר געטאָן, וואָס זייער טאַטע און מאַמע טוען, דאָס הייסט, העלפן די אָרעמע מענטשן.

און אַז די מענטשן פון דזשעקסאָן וועניו האָבן אַלעמאָל אויסגעשריען אינדרויסן:

— באַפרייט גלייך מוליקן און ריפקען, ווייל זיי זיינען די בעסטע קינדער אין די בראָנקס.

האָט די מאַמע מאַלי אויסגעשטרעקט אַ פינגער און געזאָגט:

— איר זעט כאָטש, הער ריכטער, ווי די גאַנצע וועלט נעמט זיך אָן פאַר מיינע טייערע קינדער.

דעם ריכטערס אויערן זיינען אָבער געווען פאַרמאַכט צו טאַטע און מאַמע און צו די מענטשן פון דזשעקסאָן עוועניו אויף דער גאַס. זיינע אויערן זיינען געווען אָפן צום פרינציפּאַל מיט די וואָנצעלעך און מיטן נאַקעטן קאָפּ.

דער פרינציפּאַל האָט געזאָגט:

— הער ריכטער, איר זעט אָט די דאָזיקע צוויי קינדער? זייענען זיי זייער געפערלעך פאַר אַלע פינף הונדערט קינדער, וואָס לערנען אין מיין סקול. איך האָב גענוג צאָרעס מיט זיי, אַז זיי זיינען גאָר „ראַדיקאַלן".

און ער האָט גענומען דערציילן וועגן סטרייק, און וועגן דעם, ווי אַזוי זיי האָבן אָנגערייצט אַלע קינדער פון דער סקול, ארויסצוהעלפן אין ברוים־סטרייק.

— וואָס וועסטו זאָגן דערויף? — פרעגט דער ריכטער מוליקן.

— וואָס זאָל איך זאָגן? — קוקט מוליק בראַוו אין די אויגן פון ריכטער. — איך וועל זאָגן אַזוי. מיין טאַטע איז אַן ארבעטער, מיין מאַמע איז אַן ארבעטערן, אַלע מענטשן פון דזשעקסאָן עוועניו זיינען ארבעטער און אָרעמע מענטשן. די רייכע טוען גאָרניט, ארבעטן ניט, פאַרוואָס זשע האָבן זיי אַזויפיל הייזער? און שיפרע די אַלמאָנע האָט קוים צוויי צימערלעך מיט אַ קיך. פאַרוואָס האָבן די רייכע אַזויפיל קליידער און שיך און אוורעמעלע זאַשעס גייט באָרוועס? . . . . .

מען האָט אָבער מוליקן מער ניט געלאָזט רעדן. דער ריכטער האָט אים איבערגעשלאָגן אינמיטן. ער האָט עפּעס פאַרצייכנט אין אַ פּאַפּיר, און געהייסן די קינדער ארויספירן. דאָס האָט ער פאַר־צייכנט אין פּאַפּיר, אַז ער פאַרשפּאַרט מוליקן און ריפקעלען אין קינדער־הויז.

וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן אינעווייניק און אין דרויסן איז שווער צו באַשרייבן. די מענטשן פון דזשעקסאָן עוועניו האָבן געוואָלט אויפ־רייסן די טירן. בערל האָט אָנגעהויבן צו שרייען אויפן ריכטער, האָט אים אַ פּאָליסמאַן ארויסגעוואָרפן. לאַבזיק האָט שיר שוין געהאַלטן דעם ריכטערס אַ פּוס אין זיינע ציין, האָט אים אָבער אַ צווייטער פּאָליסמאַן אַ כאַפּ געגעבן באַם האַלדז און אים ארויסגעשליידערט

דורכן פענצטער. די מאַמע מאַלי האָט געכאַלעשט, האָט מען זי אַרויס־געטראָגן אינדרויסן.

יענע נאַכט האָבן פיל מענטשן אין דזשעקסאָן עוועניו ניט געקענט שלאָפן. זיי האָבן אַלץ געטראַכט וועגן דעם, אַז די רייכע מענטשן קענען באַ זיי, באַ די אָרעמע, צוכאַפּן אַפילע זייערע אייגענע קינדער.

און לאַבזיק? לאַבזיק איז געלעגן אין אַ ליידיק בעטל. אין דעם בעטעלע, וואו ער פלעגט אַזוי געשמאַק שלאָפן לעבן זיין בעסטן פריינט, ריפקעלען. ס'איז אים געווען זייער קאַלט, כאָטש אין הויז איז גראָד דעמאָלט ניט געווען קאַלט. ס'האָט אים עפּעס געביסן אין די אויערן, און ער האָט אַלעמאָל געקראַצט די אויערן מיט אַ הינטערשט פיסעלע. ער האָט זיך געוואָרפן פון איין זייט אָף דער צווייטער. ער איז אַריינגעקראָכן צו בערלען און מאַלין אין בעט, האָט זיך די מאַמע מאַלי צעוויינט, ווען לאַבזיק איז אַריינגעקראָכן. דער טאַטע בערל האָט זי געוואָלט טרייסטן, האָט ער קלוימערשט אָנגעשריען אָף איר:

— אַ קאַפּאָרע! מאַלי, האָסט שוין גענוג געוויינט. שלאָף בעסער און מאָרגן וועלן מיר זען עפּעס צו טאָן, אַרויסצוררייסן אונדזערע קינדער פון פאַרשאָלטענעם הויז.

לאַבזיק האָט אָבער לאַנג אין זייער בעט ניט געקענט ליגן, איז ער אַרויס און אַרונטערגעקראָכן אונטערן טיש. צוליב וואָס גראָדע אונטערן טיש? ער האָט דען געוואוסט וואָס ער טוט, פאַר צאָרעס?

וואָס ווייטער איז געשען — אין קומענדיקן מייסעלע.



# אַוואַדע לאַבזיק...



ד׳ וועלן זיך אומקערן צוריק צו דער נאַכט, דער שפּעטער נאַכט, ווען אין הויף פאַר דעם קינדער־הויז שטייט אַ בוים און שאָקלט זיך. די צווייגן רוישן. דער ווינט בלאָזט. און ריפקעלע מיט אָפענע אויגן ליגט אין איר צימער און טראַכט, מוליק אין זיין צימער ליגט מיט אָפענע אויגן און טראַכט, און טראַכט. ריפקעלעס צימער איז אין דער מיידלשער אָפּטיילונג, מוליקס צימער איז אין דער אינגלשער אָפּטיילונג. ווייט איינער פון אַנדערן. דאָס ברודערל בענקט נאָכן שוועסטערל, דאָס שוועסטערל בענקט נאָכן ברודערל. שטיל איז אין ריפקעלעס צימער, שטיל איז אין מוליקס צימער. צווישן זייערע ביידע צימערן געפינען זיך נאָך און נאָך צימערן. קינדער שלאָפן, אייניקע כראָפּען, אייניקע שנאָרכן, אייניקע רעדן פון שלאָף און מאַכן: „מאַמע, מאַמע."

אינמיטן דער נאַכט האָט זיך ריפקעלע צעוויינט. איר בענקשאַפט נאָכן ברודערל, נאָך טאַטע און מאַמע און באַזונדערס נאָך לאַבזיקן, איז אַזוי גרויס, אַז זי קען ניט צומאַכן קיין אויג.

אַ מיידעלע פון צווייטן צימער האָט גלייך דערהערט דורך דעם דינעם ווענטל, אַז עמיצער וויינט, און ס׳האָט איר גלייך פאַרקלעמט באַם האַרצן. האָט זי אַ קלאַפּ געטאָן אין דער וואַנט. פון דעם קלאַפּ האָט זיך ריפקעלע דערשראָקן און אויפגעהערט צו וויינען. געציטערט און זיך איינגעהערט. איז געווען שטיל אַ ווייל און דערנאָכדעם האָט זיך דערהערט אַ צווייטער קלאַפּ. דערנאָכדעם אַ דריטער קלאַפּ, און דערנאָכדעם אַ פאַרשטיקט קאָל:

— וואָס וויינסטו, מיידעלע, און ווי אַזוי הייסטו?

שרעקט זיך ריפקעלע פאַרן פרעמדן קאָל און זאָגט גאָרניט.

— שרעק זיך ניט פאַר מיר, — מאַכט דאָס מיידעלע, — מיין נאָמען איז ביטי, מיין טאַטע איז געשטאָרבן, און מיין מאַמע האָט ניט געהאַט פון וואָס צו לעבן, האָט זי מיר אַריינגעגעבן אַהער. ווי אַזוי איז דיין נאָמען?

— מיין נאָמען איז ריפקע — ענטפערט בערל דעם אָפּערייטאָרס טאָכטער — און מיך מיט מיין ברודערל האָט מען דאָ פאַרשפּאַרט, ווייל איך, מיין ברודערל, און מיין טאַטע, און מיין מאַמע און מיין לאַבזיק העלפן די אַרבעטער און די אָרעמע מענטשן.

— ווער איז לאַבזיק? — וויל ביטי וויסן.

— דו ווייסט ניט ווער לאַבזיק איז? — וואונדערט זיך ריפקע.

הייבט זי אָן גלייך דערציילן איר נייעם פריינט פון יענער זייט וואַנט, וועמעס פּאַנעם זי קען אַפילע ניט, דערציילט די גאַנצע מייסע, און ביטי מאַכט אַלעמאָל:

— זע נאָר, איך האָב גאָרניט געוואוסט. דערצייל, דערצייל.

אַז ריפקע האָט געענדיקט איר מייסע, האָט ביטי דערציילט איר מייסע, ווי אַזוי ס'פירט זיך אין דעם קינדער-הויז, ווי מען שרייט אַלע-מאָל אַף די קינדער, ווי מען באַשטראָפט זיי אַלעמאָל פאַר גאָרניט. אָט איז ביטי אויך אַ באַשטראָפטע, ווייל געוויינלעך שלאָפן אַ סאַך מיידלעך אין איין צימער, די אָבער וואָס מען באַשטראָפט זעצט מען אַריין אין באַזונדערע צימערן. פאַרוואָס האָט מען ביטין באַשטראָפט? ווייל זי לאַכט אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוועגן. אַזוי זאָגט די לערערן, אָבער ס'איז ניט עמעס. האָט זי איינמאָל באַם לערנען געהאַלטן אין איין לאַכן, און דערפאַר האָט מען זי פאַרשפּאַרט אין אַ באַזונדערן צימער.

אָבער פאַרוואָס איז ריפקע אַזוי פאַרציטערט געוואָרן?

— ביטי, ביטי, — שרייט זי צו איר נייער כאַווערטע.

— וואָס איז געשען? — פרעגט ביטי.

— איך שרעק מיך, — ציטערט ריפקעלע.

— וואָס שרעקסטו זיך? — ווערט שוין באַלד ביטי אויך דער-שראָקן.

— עמיצער גראַבלט באַ דער טיר, — וויל שוין ריפקע אַריינקריכן מיטן קאָפּ אונטער דער קאָלדרע.

— ס'דאַכט זיך דיר אוים, — וויל איר ביטי איינרעדן.

ניין, ס'דאַכט זיך איר ניט אוים, עמיצער גראַבלט דאָך פאָרט אין דער טיר.

דערווייל ווערן די פענצטער בלוי, ווי טינט, דערנאָכדעם גרוי ווי וואַסער, דערנאָכדעם גאָלדן ווי מאַראַנצן און עמיצער האַלט נאָך אין איין גראַבלען אין דער טיר.

אַבער פּלוצלונג דערהערן זיך טריט איבערן קאָרידאָר. דאָס גראַבלען ווערט אַנטשוויגן. עמיצער שליסט אויף די טיר און ס'קומט אַריין אַ פרוי צו ריפקעלען. מיסעס בראַון הייסט זי, די פרוי, וואָס פּאַסט אויף אַף די קינדער.

— טו זיך שנעל אָן, — מאַכט זי, די מיסעס בראַון, מיט אַ גראָב קאָל, — און גיי זיך וואַשן. — אָפּגעזאָגט אירס, גייט די מיסעס בראַון גלייך אַרויס.

איז שוין ריפקעלע אָנגעטאָן. ס'טוט איר אַזוי וויי דאָס האַרץ. זעצט זי זיך צו אַפן בעטל. פאַרמאַכט די אויגן און שאָקלט זיך אַהין און אַהער. דאָס שאָקלט זי זיך אַזוי פון וויטיק און וויסט גאָרניט, אַז עמיצער קוקט אַף איר מיט ראַכמאָנעס אייגעלעך, קוקט און שווייגט.

ווער קאָן דאָס אַף איר קוקן אַזוי, אַז זי איז גאָר איינע אַליין ?

עפנט ריפקעלע די אויגן. גיט זי אַ מאַך פריער :

— אוי !

און דערנאָכדעם :

— זע נאָר, זע.

און זי צעוויינט זיך און צעלאַכט זיך פון פרייד.

וואָס זשע אַזוינס האָט זי זיך צעלאַכט ? איר וואָלט זיך אויך צעלאַכט, ווען איר דערזעט לאַבזיקן שטיין אַזוי מיט זיינע צוויי פאָדערשטע לאַפּקעס אין דער הויך.

דאַרף איך אייך שוין דערציילן, ווי ריפקעלע האָט געוויינט פון פרייד און געמאַכט, ווי איר טאַטע בערל :

— אַ קאַפּאָרע ! לאַבזיק, גוטער לאַבזיק, נאַרישער לאַבזיק. . . .

# כאַפּט לאַבוזיקן



אַטאָג איז לאַבוזיק געלאָפן אַהיים מיט אַ בריוועלע פון ריפקעלען, וואו זי האָט אַזוי געשריבן:

„ליבע מאַמע און ליבער טאַטע, נעמט מיך אַרויס, ווייל איך וויין. מיין נייע כאַווערטע ביטי פון צווייטן צימער איז זייער אַ גוט מיידעלע. מוליקן קען איך ניט זען. אַ פרוי פון קינדער־הויז, מיסעס בראַון, איז געקומען צו מיר, און האָט מיר געזאָגט, איך זאָל זיין אַ גוטע אַמערי־קאַנערן. האָב איך געזאָגט, אַז איך בין אַ גוטע אַמעריקאַנערן. האָט זי מיר געזאָגט, אַז איך בין ניט, ווייל איך גיי סטרייקן. האָב איך איר ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. ווען מוליק איז דאָ מיט מיר, וואָלט ער שוין געוואוסט. זאָל מיר דער טאַטע זאָגן, וואָס איך זאָל ענטפערן. זאָל מיר די מאַמע מאַלי אויך שיקן אַ שטיקל עפּל־שטרודל, און מוליקן קען איך טאַקע ניט זען.

אייער טאָכטער ריפקע, וואָס וויל צוריק אַהיים.“

פאַרנאַכט־צו איז לאַבוזיק געלאָפן צוריק אין קינדער־הויז מיט אַזאַ בריוול:

„אונדזער ליבע טאָכטער ריפקע. מיר וועלן צייויפנעמען אַלע אַרבעטער און אָרעמע מענטשן פון דער גאַנצער שטאָט, קומען צו דיין טורמע און שרייען, מען זאָל אַרויסלאָזן דיך און מוליקן. וואָס דו זאָלסט ענטפערן צו מיסעס בראַון פאַרוואָס דו סטרייקסט? ענטפער איר, אַז אַ גוטע אַמעריקאַנערן מעג אויך סטרייקן און אַרויסהעלפן דער אָרעמער שיפרען, מען זאָל זי ניט אַרויסוואַרפן פון הויז. זאָג איר, אַז די שלעכטע אַמעריקאַנער זיינען גאָר די רייכע מענטשן, ווייל זיי, די רייכע, וואַרפן אַרויס אָרעמע מענטשן פון די הייזער, און גוטע אַמעריקאַנער זיינען די אַרבעטער, ווייל די אַרבעטער באַקן ברויט, מאַכן שיך, נייען קליידלעך, בויען הייזער און די רייכע זיינען פוילע, טוען גאָרניט און עסן אונדזער ברויט, וואָס מיר באַקן, נעמען צו די הייזער, וואָס מיר בויען, און די קליידער וואָס מיר נייען.

די מאַמע שיקט דיר אַ גוט שטיקל עפּל־שטרודל. עס דאָס און האָבן פאַרגעניגן. גיב אויך ביטין אַ שטיקל עפּל־שטרודל. ווייל אַזאַ

עפּל־שטרודל איז איינער אױף דער װעלט. עפּשער קען לאַבזיק זיך אױך דערשלאָגן צו מוליקן, װײל פּאַר מוליקן האָט לאַבזיק אױך אַ בריװ.

זײ זשע אונדז געזונט, טאַכטער, און זאָרג ניט. מיר װעלן דיך און מוליקן שױן באַפרײען.

פון אונדז, דײן טאַטע בערל און דײן מאַמע מאַלי.

יאָ, און מיר האָבן דיר פאַרגעסן צו זאָגן, אַז אַזױ װי לאַבזיק האָװקעט אַ גאַנצע נאַכט און לאָזט אונדז ניט שלאָפן, דאָס בענקט ער אַזױ נאָך דיר, זאָל זשע לאַבזיק שױן בלײבן באַ דיר אין צימער און שלאָפן מיט דיר אין דײן בעטל, װעט אײך בײדן זײן גוט װי די װעלט.

פון מיר, דײן טאַטע בערל.״

אין אָװנט איז ריפקע אַרײן צו זיך אין צימער. דורכן טאָג האָט זי זיך שױן באַקאַנט מ׳ט ביטין פערזענלעך און מיט נאָך אַנדערע קינדער. ס׳איז איר שױן געװאָרן אַ ביסל פרײלעכער. און גאָר פרײלעך איז זי געװאָרן, װען זי האָט געטראָפן לאַבזיקן מיטן בריװעלע. האָט ריפקעלע טײקעף אָנגעקלאָפּט דורך דער װאַנט צו ביטין, און איר דערצײלט פון בריװעלע. האָט זיך ביטי געפרײט און ס׳האָט זיך איר פאַרגלוסט צו הערן, װי לאַבזיק טוט אַ האָװקע. זי האָט שױן אַזױ לאַנג ניט געהערט װי אַ הינטל גיט אַ האָװקע, װײל דאָ אין קינדער־טורמע לאָזט מען ניט אַרײן קײן הינטלעך.

האָט ריפקעלע איר צוליב געטאָן, צוגעלײגט לאַבזיקן צו דער װאַנט און אים געהײסן האָװקען. האָט לאַבזיק אַ האָװקע געטאָן אַ פּאָר מאָל גלײך אין דער װאַנט אַרײן און ריפקעלע האָט געפרעגט:

— נו, דו הערסט?

און ביטי האָט געמאַכט:

— יאָ, איך הער, און ער האָװקעט זײער שײן. און לױטן האָװקען קען איך שױן טרעפן, װאָס פאַר אַ קלוג הינטעלע דאָס איז.

נו, איז געװאָרן שפּעט און ריפקע האָט זיך געלײגט שלאָפן מיט לאַבזיקן. און לאַבזיק, װי באַלד נאָר ער איז אַרײנגעקראָכן צו ריפּ־קעלען אין בעטל, האָט ער זיך גאָר מעכײע געװען. שױן אַזױפיל נעכט ניט געקענט צומאַכן קײן אױג. איצטער האָט ער אַזש אַ גענעץ געטאָן פון פאַרגעניגן. זיך אײנגענוריעט, זיך צוגעטוליעט צו ריפקעלעס פלײצע און אײנגעשלאָפן, װי אַ דערהאַרגעטער. ריפקעלע האָט זיך

אויך צוגעטוליעט צו לאַבזיקס וואַרעמען האַלדז און אויך איינגעשלאָפן, ווי אַ דערהאַרגעטע.

גייט אַזוי אַוועק די נאַכט און לאַבזיק שנאַרכעט און ריפקע שנאַרכעט. קומט אָן דער אינדערפרי און זיי שנאַרכן נאָך אַלץ. אָבער פאַרוואָס זשע קלאַפּט ביטי מיט אַזויפיל דערשרעק?

— ריפקע, ריפקע, שטיי אויף!

אַ נעכטיקער טאָג! אַזויפיל נעכט ניט געשלאָפן, האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט צום שלאָף און מען קען זיי שוין ניט אָפּרייסן.

— ריפקע, ריפקע! — שרייט ביטי מיט מוירע. — כאַפּט זיך אויף און באַהאַלט ערגעץ דיין לאַבזיקן, ווייל מיסעס בראַון גייט.

אָבער קלאַפּ אין דער וואַנט, אַז מען הערט ניט. די צוויי גוטע פריינט האָבן קוים דערלעבט צו שלאָפן צוזאַמען. נו, פאַרשטייט איר שוין אַליין.

הערן זיך טריט איבערן קאָרידאָר, בייזע טריט. ווייל מיסעס בראַון, אַז זי שטייט אויף אינדערפרי, איז זי זייער בייז. זי שלאָפט, ווייזט אויס, ניט גוט אַ גאַנצע נאַכט.

טאַם-טאַם, טים-טים, הערן זיך אירע טריט. זי שליסט אויף טיר נאָך טיר און אָט שליסט זי שוין אויך אויף ריפקעלעס טיר. אויפ-געשלאָסן, זי איז שוין אינעווייניק. זי גיט אַ קוק, ס׳ווערט איר פינצטער אין די אויגן.

— אַ הו! — צעשרייט זי זיך איבערן גאַנצן הויז און ס׳קומען צולויפן אַנדערע פרויען, וואָס אַרבעטן אין הויז, לערער און לערערנס, אַפילע דער עלעוויטאָר-מאַן.

און לאַבזיק? לאַבזיק האָט זיך געגעבן אַ כאַפּ אויף מיט גרויס מוירע. געמיינט, אַז ס׳איז אַ פייער.

— וועמענס הינטעלע איז דאָס? — שרייט מיסעס בראַון.

— מיינס — ענטפערט ריפקעלע, וואָס איז שטאַרק דערשראָקן, — מיין הינטעלע איז דאָס און ס׳הייסט „לאַבזיק“.

— ווי אַזוי איז ער געקומען אַהער? — פרעגט די מיסעס בראַון מיט גרויסע שלעכטע גרויע אויגן.

— ס׳איז אַ קלוג הינטעלע, ווייסט דאָס שוין אַליין דעם וועג, — באַרימט זיך דערוווייל ריפקעלע מיט איר לאַבזיקן.

— דאָס איז שרעקלעך, דאָס איז שווידערלעך! — שלאָגט זיך די מיסעס בראַון אין איר אייגענער באַק אַריין. — דזשאָן, — גיט זי

אַ געשריי צום עלעוויטאָר־מאַן — וואַרף דאָס אַרויס דורכן פענצטער.

אָבער — אַט וועט לאַבזיק גיין וואַרטן ביז מען וועט דאָס כאַפּן און אַרויסוואַרפן דורכן פענצטער. ער האָט גיך פאַרקאַטשעט ס'ווײַדעלע, זיך צעיאָגט, און אַז מען האָט אים פאַרשטעלט דעם וועג, האָט ער געגעבן אַ פלי צווישן מיסעס בראַונס פיס און אַוועק, אַוועק, און שוין ניטאָ קיין לאַבזיק.



# לאַביזיק וויל ניט עסן פון צאָרעס

און אַז די מיסעס בראַון האָט געזאָגט: — כאַפּ אים, דזשאָן, און וואַרף אים אַרויס דורכן פענצטער, — האָט זיך לאַביזיק טייקעף אָפּגעטראָגן און אַנטלאָפן אַהיים. און אַז ער איז געקומען אָן אַ בריוועלע פון די קינדער, האָט די מאַמע מאַלי פאַרמאַכט די אויגן, זיך אַ שאָקל געטאָן און אַוועקגעפאַלן. האָט גענומען דער טאַטע בערל און געגאָסן וואַסער אָף איר, האָט זיך אויפגעכאַפּט די מאַמע מאַלי, געשאָקלט זיך אַהין און אַהער און געמאַכט:

— ריפקעלע, מוליק, וואו זייט איר?

און אַז די מאַמע מאַלי מאַכט אַזוי, פאַרקלעמט לאַביזיקן באַם האַרצן, און ער קען זיך ניט איינהאַלטן און הייבט אָן צו וויינען:

— וויו, וויו, וויו.

דער טאַטע בערל איז שוואַרץ, ווי די ערד, אָבער זיינע אויגן לאַכן נאָך.

דאָ קומט ווידער אָן די נאַכט. אין דער גאַס, וואו דאָס קינדער־הויז געפינט זיך, איז שטיל. שאַ. אַלע שלאָפן דאָרטן אין די הייזער. אַלע קינדער שלאָפן אין קינדער־הויז. נאָר צוויי קינדערלעך שלאָפן ניט: מוליק און ריפקע.

שטייט לאַביזיק מיט אַ פאַריסן קעפּל פאַרן הויכן מויער פון קינדער־הויז, קוקט מיט אַזויפיל בענקשאַפט אַרויף. דאָרטן אויבן ערגעץ, ווייסט ער, ליגט ריפקעלע אין איר בעטל, און ער קען איר גאָרניט העלפן, ווייל היינט איז אומעגלעך זיך דורכצוגאַנווענען. ווייזט אויס, מען האָט אָנגעזאָגט דעם וועכטער, ער זאָל אַכטונג געבן. שטייט דער וועכטער פאַר דער טיר מיטן גראָבן שטעקן און היט מיט ביידע אויגן. דרייט זיך לאַביזיק אַרום אים, פאַרלויפט לינקס, פאַרלויפט רעכטס, אָבער אומעטום איז דאָ דער גראָבער שטעקן.

מאַכט זיך לאַביזיק, אַז ער גייט קלוימערשט אַוועק, אַז ער דאַרף נאָר איינגאַנצן ניט האָבן דאָרטן לעבן הויז. גייט אַוועק אין אַ צווייטער גאַס און וואַרט אויס אַ ביסעלע, דערנאָכדעם קומט ער צוריק, אָבער —

ווידער דער וועכטער, און ניט אזוי דער וועכטער, ווי דער גראָבער שטעקן.

— איי, דו „רויטער״! — מאַכט צו אים דער וועכטער. — דו וועסט שוין בײַ מיר ניט אַרײַן.

אַף דערויף ענטפערט אים לאַבזיק מיט אַ בייזן האַווקע. געפעלט דעם וועכטער, וואָס לאַבזיק האַווקעט אַף אים. רייצט ער זיך מיט אים ווייטער, פאָכעט אין דער לופטן מיטן שטעקן, בויגט זיך אַן אַלע־מאָל צו דער ערד, אַקוראַט ווי ער וואָלט געוואָלט אויפהייבן אַ שטיין און וואַרפן אַף אים. האַווקעט לאַבזיק אַף אים נאָך בייזער, און בײַם וועכטער טרייסלט זיך אַזש דער בויך פון געלעכטער:

— כאַ, כאַ, כאַ.

שפּעט אין דער נאַכט קומט אַ צווייטער וועכטער אים צו פאַר־בייטן. קוקט אים לאַבזיק אַן און טראַכט, אַז עפּשער איז דער צווייטער וועכטער אַ ביסל לייטישער פון ערשטן, און מען וועט זיך עפּשער קאָנען דורכשמוגלען. קוקט ער אים אָבער אַן און זעט שוין, אַז ניין, נאָך אַן ערגערער, דער היטלערוק, ווי דער ערשטער. לייגט זיך לאַבזיק אַף די קאַלטע שטיינער, פאַרנוריעט זיין קעפּל צווישן די פעדערשטע פיסלעך און וויינט:

— אי, אי, אי.

גייט אַוועק די נאַכט און ס׳ווערט ליכטיק. קומט צוריק דער ערשטער וועכטער צו פאַרבייטן דעם צווייטן, און לאַבזיק ליגט נאָך אַלץ פאַרנוריעט מיטן קעפּל צווישן זיינע צוויי פעדערשטע לאַפּקעס און קלאָגט:

— אי, אי, אי,

גייען דורך מענטשן, שטעלן זיך אָפּ, קוקן און וואונדערן זיך, וואָס אַ הינטל ליגט אַזוי מאָדנע אַף די שטיינער. אָבער לאַנג שטיין און קוקן, האָבן זיי קיין צייט ניט. גייען זיי אַוועק.

גייען די קינדער פון דער דאַזיקער גאַס אין שול אַרײַן. שטעלן זיי זיך אָפּ, און וואונדערן זיך אויך. איינער זאָגט:

— ס׳איז קראַנק.

אַ צווייטער זאָגט:

— ס׳איז הונגעריק.

נעמט אַ דריטער און דערלאַנגט אים אַ שטיקל סענדוויטש מיט קעז. שמעקט לאַבזיק מיט דער נאָז, קוקט אַן אומעטיקער אַף דעם

שטיקל סענדוויטש מיט קעז און רירט זיך ניט צו. ניין, ער קען ניט עסן, ווייל ווי קען ער עסן, אז ער בענקט אזוי שטארק נאך ריפקעלען.

מאכט שוין א דריטער אינגל:

— יא, דאס וואס ער וויל ניט עסן, איז טאקע א סימען, אז ער איז זייער קראנק. ווייל א געזונטער הונט, וואס מען זאל אים ניט געבן, עסט ער.



אבער לאנג שטיין און קוקן אפן הינטעלע, האבן די קינדער ניט געהאט קיין צייט, ווייל זיי האבן געדארפט אוועקגיין אין שול. זיינען זיי טאקע אוועקגעגאנגען. איז געבליבן לאבזיק אף די שטיינער מיטן קעפל איינגעגעבוריעט אין די צוויי פעדערשטע לאפקעלעך און געוואיעט אין דער שטיל:

— אי, אי, אי.

געוויינלעך, אז ס'קומט דער פארנאכט, און ווער שמועסט נאך א ווארעמער פרילינג פארנאכט, שפילן זיך די קינדער אף דער גאס.

אָבער יענעם פאַרנאַכט האָבן זיי זיך שוין ניט געשפּילט. געשטאַנען אַרום דעם הינטעלע און געהיט זיין יעדן מאָך מיטן אויערל, זיין יעדן זיפץ.

זייערע עלטערן זיינען אויך צוגעקומען, אַ קוק טאָן, וואָס אַזוינס האָבן די קינדער דערזען, וואָס זיי שטייען דאָרטן אַלע. מענטשן פאַרבייגייער האָבן זיך אויך אָפּגעשטעלט. ס׳איז געוואָרן אַ גרויסער אוילעם. לאַבזיק קוקט אַפילע אָף קיינעם ניט. ליגט זיך אַזאַ טרויעריקער און וויינט מיטן בייכעלע.

דערוויל ווערט שפּעט אין דער נאַכט. די מאַמעס שרייען פון אַלע פענצטער און טירן נאָך זייערע קינדער, אַז זיי זאָלן שוין גיין שלאָפן, ווייל ס׳איז שוין שפּעט. אָבער זוי קענען די קינדער גיין שלאָפן, אַז לאַבזיק קען נאָך אַזוי אָוועקשטאַרבן. די קינדער האָבן שוין געוואוסט, פאַרוואָס לאַבזיק ליגט אַזאַ פאַרבענקטער. היימי דער געלער איז געקומען פון די בראָנקס און האָט אַלצדינג דערציילט די קינדער פון דאַון־טאַון. (דאָס קינדער־הויז געפינט זיך דאַון־טאַון.)

אָבער שלאָפן מוז מען גיין. לאָזן זיי זיך אין די היימען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און טרויעריקע הערצער. עפענען זיך טירן, פאַר־מאַכן זיך טירן. עפענען זיך פענצטער, פאַרמאַכן זיך פענצטער. שלאָפט איין די גאַס, שלאָפן איין אַלע מענטשן. שלאָפט בלויז איינער ניט. שלאָפט בלויז ניט לאַבזיק. ליגט אָף די שטיינער און ציטערט. פון הונגער איז אים געוואָרן זייער קאַלט. ציטערט אים ס׳בייכעלע, ציטערן די פיסלעך, ציטערן די אויגעלעך, ציטערט דאָס ווידעלע.



# לאַבזיק האַלט באַם שטאַרבן



ין דער זעלבער גאַס האָט געוואוינט אַ מיידעלע, וואָס האָט געהייסן „האָופּ“, דאָס הייסט אָף אידיש „האָפֿענונג“. דעם נאָמען האָבן איר טאַטע און מאַמע געגעבן. אירע עלטערן זיינען געווען גרויסע אָרעמעלייט. דער פֿאָטער איז געווען אַ דזשעניטאָר אין איינעם פֿון די הייזער. ער און זיין ווייב האָבן אומיסטנע איר אַ נאָמען געגעבן „האָופּ“, ווייל זיי האָבן געוואָלט האָפֿן, אַז מיט דער געבוירענער טאָכטער וועט זיי ווערן בעסער און ער וועט ווערן אוים דזשעניטאָר.

די מיידעלע איז געווען אינגאַנצן אַ ליכטיקע: ליכטיקע האָר, ליכטיקע אויגן, אַ ליכטיק פּאָנעם און אַ ליכטיק קאָל. איר האָט שוין אַמאָל געהערט וועגן אַ ליכטיק קאָל? איך יאָ. אַ ליכטיק קאָל מיינט, ווען מען רעדט זיינען די ווערטער אַזוי קלאָר און שיין, פּונקט ווי מען וואָלט געשפּילט אָף אַ פּיאַנע.

איז די דאָזיקע מיידעלע אויך געגאַנגען שלאָפֿן, פּונקט ווי אַלע. זיך געלייגט אין בעט, וואָס אין קעלער. (אַ דזשעניטאָר אין ניו יאָרק וואוינט אין אונטערשטן הויז, וואָס איז אַזוי גוט, ווי אַ קעלער.) האָט זיך די דאָזיקע „האָופּ“ געלייגט אין בעט, אָבער איינשלאָפֿן האָט זי ניט געקענט. אַזוי האָט איר ווי געטאָן דאָס האַרץ אָף ריפּקעלען און מוליקן, וואָס זיצן פֿאַרשפּאַרט, און אָף דעם אָרעמען הינטעלע. אַלעמאָל איז זי אַראָפּגעשפּרונגען פֿון בעט, צו צום פֿענצטער, אַרויסקוקן אין גאַס און זען, וואָס ס'הערט זיך.

איז אַרום צוועלף אַזייגער — לאַבזיק ליגט נאָך אַלץ, ווי פֿריער, און ציטערט. אַרום איינס אַזייגער — דאָס זעלבע. אַרום צוויי אַזייגער — דאָס מיידעלע ווערט פֿאַרציטערט. ס'הויבט איר אָן קלאַפּן דאָס האַרץ גיך, גיך. וואָס איז געשען? זי האָט געזען, ווי בײדע וועכטער פֿון קינדער-הויז שטייען לעבן הינטעלע און שושקען זיך. האָט זי שוין פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס האָבן זיי שוין פֿאַרטראַכט אַ שלעכטע זאַך וועגן לאַבזיקן. טוט זי שנעל אָן אירע קליידער, לויפֿט אַרויס אין גאַס און גיט אַ מוירעדיקן קוויטש איבער דעם גאַנצן בלאָק.

— וואָס איז געשען? וואָס איז געשען? — שטעקן טאַטעס,

מאַמעס און קינדער אַרויס די קעפּ פון די פענצטער.

— שנעלער! — שרייט מיט די לעצטע קויכעס דאָס מיידעלע האָופּ. — שנעלער, זיי ווילן האַרגענען לאַבזיקן.

הייבן זיך אָן עפּענען טירן שנעל, שנעל. הייבן אָן פליען קינדער אין די נאַכט־קליידער. ווערט די גאַס פולער און פולער.

די צוויי מענער זיינען אַנטלאָפן. די קינדער האָבן אַרומגערינגלט לאַבזיקן. און דאָס מיידעלע האָט דערציילט:

— ווי אַזוי זי האָט ניט געקענט שלאָפן, ווי זי האָט אַרויסגעקוקט אַלעמאָל דורכן פענצטער, ווי אַזוי זי האָט דערזען די צוויי מענער שטיין לעבן הינטעלע.

האָבן די קינדער שוין פאַרשטאַנען, אַז מען וועט לאָזן לאַבזיקן אַליין, וועט ווערן אוים לאַבזיק, מען וועט אים דערשטיקן אָדער דער־שיסן, אָדער דערשטעכן. און דאָ שרייען די מאַמעס:

— שלאָפן, שלאָפן, ס'ווערט שוין באַלד טאָג.

אָבער זייער ווייניק קינדער זיינען געגאַנגען צוריק זיך לייגן שלאָפן. די מערסטע זיינען געבליבן מיט לאַבזיקן. מען האָט צעלייגט אַ פייער ניט ווייט פון אים, קעדיי ס'זאָל אים זיין וואַרעמער. די מיידעלע האָופּ האָט אים געגלעט: עפּשער אַז זי וועט אים גלעטן, וועט ער אַ ביסעלע איינשלאָפן.

דאָ דערווייל, האָבן די צייטונגען פון דער שטאָט ניו יאָרק זיך דערוואוסט וועגן דער געשיכטע. און איר ווייסט דאָך, אַז די צייטונגען האָבן ליב צו מאַכן אַ טומל פון אַזוינע זאַכן, קעדיי מענטשן זאָלן קויפן אַ סאַך צייטונגען. האָבן זיי געשיקט רעפּאָרטערס מיט בליי־שטיפטלעך, מענטשן מיט קאַמערעס. די רעפּאָרטערס זיינען געקומען צולויפן אין די צענדליקער, פאָטאָגראַפירט לאַבזיקן, פאָטאָגראַפירט די מיידעלע האָופּ, די קינדער, די גאַס, דאָס קינדער־הויז. זיי האָבן אַפילו פאָטאָגראַפירט די צעשראָקענע מיסעס בראַון. אַז די נאַכט איז אַוועק און ס'איז געוואָרן ליכטיק, זיינען שוין אַלע צייטונגען אין שטאָט אַרויס מיט די נייעס:

„שוין דעם דריטן טאָג, וואָס אַ הינטעלע וואָס הייסט „לאַבזיק" ליגט אויף דער גאַס און וויל ניט עסן. די קינדער פון דער גאַס לאָזן דאָס ניט דערהאַרגענען."

האָבן זיך אָנגעהויבן ציען מענטשן צו דעם פּלאַץ, אַ קוק טאָן אויפן מאָדנעם הינטעלע, וואָס וויל שוין ניט עסן דעם דריטן טאָג.




הונדערטער פרויען און מענער האָבן באַלאַגערט די גאַס. עפּעס אַ גוט־האַרציקער דאָקטאָר איז געקומען און געטאַפּט לאַבזיקן באַם פּולס. דער דאָקטאָר האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איינער זאָגט: ס'האָלט שוין זייער שמאָל. די מיידעלע האָט זיך צעוויינט. אַנדערע מיידעלעך האָבן זיך אויך צעוויינט. און דאָ פּלוצלונג דערהערן זיך טריט פונדערווייטנס. טויזנטער טריט. מען דרייט אוים די פּענימער, אָבער מען זעט נאָך קיינעם נים, נאָר מען הערט דעם גערויש פון די

טויזנטער טריט. פּייקלעך קלאַפּן אויך דאָרטן: טראַם־טאַ־טאַם, טראַם־טאַ־טאַם. אַלע בלייבן שטיל, שטיל. עס באַווייזן זיך די ערשטע רייען פון די, וועמענס טריט מען האָט געהערט. דאָס זיינען געווען קינדער. די קינדער פון דער בראָנקס. זייער אַ סאַך קינדער. מיידלעך און אינגלעך. היימי דער גלעזער איז זייער פירער. ער שפּאַנט פאָרויס מיט אַ גרויסן פּלאַקאַט. אויף דעם פּלאַקאַט איז אָנגעשריבן: „אַלע קינדער פון די בראָנקסער שולן סטרייקן ביז מען וועט ניט באַפרייען מוליקן און ריפקען."

— מיר אויך, מיר אויך! — שרייען די קינדער פון דאָון־טאָון.

פּאָליציי קומט צולויפן אויף פערד, צופוסנס, אין די אַטאָמאָבילן. די פּרינציפּאַלס פון די שולן קומען אויך צולויפן. דער גרויסער געשריי פון די קינדער הערט זיך וויט ווייט איבער אַלע הויכע הייזער:

— באַפרייט מוליקן! באַפרייט ריפקעלען! באַפרייט, באַפרייט. באַלד, שוין.

דאָ בא דעם פּלאַץ הייבן מיר שוין ווידער אָן אויסצופעלן ווערטער, וואָס זאָלן אייך באַשרייבן, וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן ארום קינדער־הויז יענעם פרימאָרגן. די פענצטער פון אַלע אַרומיקע הייזער האָבן געציטערט, די ווענט האָבן געברומט. און פאַרן קינדער־געריכט — טויזנטער קעפּ, פאַריסענע קעפּ, פאַריסן אַרויפצוצו, וואו ריפקע און מוליק זיינען געלעגן פאַרשפּאַרט.

לאַבזיק אָבער האָט שוין געהאַלטן באַם אויסגיין. ער האָט שוין די אייגעלעך איינגאַנצן געהאַלטן פאַרמאַכט. אַט, אַטאַ, און מיר וואָלטן שוין מער ניט געהאַט קיין לאַבזיק. אָבער ווי מיטאַמאָל, עס עפענען זיך ברייט די טירן פון קינדער־הויז און מיטעם בראָון שטופּט אַרויס ריפקען און מוליקן.

— הור־ר־ר־אַ! הור־ר־ר־אַ! — האָט אָנגעהויבן צו דונערן.

דער הוראַ האָט זיך אַזש דערטראָגן ביז צום טייך האַדסאָן. מענטשן אין ווייטע גאַסן האָבן ניט געקאָנט פאַרשטיין פונוואַנעט דער הור־ר־ר־אַ נעמט זיך.

— הור־ר־ר־אַ און הור־ר־ר־ר־אַ!

לאַבזיק איז געראַטעוועט. לאַבזיק לעקט ריפקעלעס הענט. שוואַך לעקט ער, ווייל ער האָט קיין קויעך ניט שטאַרקער צו לעקן. אָבער ער וועט שוין אינגיכן האָבן קויעך.

הו־ר־ר־ר־אַ!

# לאַבזיק שפּילט בייס־באָל



בייס־באָל שפּיל צווישן די פּראָספּעקט עוועניו אינגלעך און דזשעקסאָן עוועניו אינגלעך איז פאָרגעקומען אין קראָטאָנאַ פּאַרק. גאַנץ בראָנקס איז זיך צונויפגעקומען זען די דאָזיקע אינטערעסאַנטע שפּיל. ניט נאָר קינדער, נאָר אַפילע טאַטעס און מאַמעס זיינען געקומען. אַ סאַך זיינען געזעסן אַף די בענק, אַ סאַך האָבן זיך צעזעצט אַפן גראָז, מען האָט געבראַכט מיט זיך סענדוויטשעס און פלעשלעך ביר, פּופּקעלעך און לעבערלעך, און שטיקלעך הון, און ס׳איז שוין געווען אַן עמעסער פּיקניק.

די פּראָספּעקט עוועניו שפּילער האָבן געהאַט אַ ציג. וואו זיי האָבן דערטאַפּט די ציג ווייסט מען ניט. האָבן זיי איר אָנגעטאָן אַ מיצל פון גרינעם פּאַפּיר אַפן קאָפּ און אַפן מיצל איז געווען אָנגעשריבן: „פּראָספּעקט עוועניו בייס־באָל טים, די בעסטע שפּילער אַף דער וועלט. קיינער קאָן בײַ אונדז ניט געווינען.“

אַז די שפּיל האָט זיך גענדאַרפט אָנהייבן, האָט מען די דאָזיקע ציג מיטן גרינעם מיצל דורכגעפירט איבערן פעלד מיט גרויס פּאַראַד. צום אַלעם ערשטן איז געגאַנגען אַ קליין אינגעלע און האָט געפירט די ציג בײַ אַ שטריקל. נאָך זיי זיינען געגאַנגען די שטאָלצע פּראָספּעקטער בייס־באָל שפּילער מיט פּאַריסענע קעפּ און דער גאַנצער עולם האָט געקלאַפּט: בראַוואָ, בראַוואָ.

בערל דער אָפּערייטאָר האָט אויך געקלאַפּט בראַוואָ, האָט אים די מאַמע מאַלי אַ צופּ געטאָן בײַם אַרבל און זיך אָנגערופן:

— בערל, וואָס טוסטו? וואָס קלאַפּסטו בראַוואָ? דאָס זיינען דאָך די פּראָספּעקטער, ניט אונדזערע, די דזשעקסאָנער.

— אַ קאַנדידאַט פאַר קאָנגרעסמאַן דאַרף אַלעמען קלאַפּן בראַוואָ, — האָט בערל דער אָפּערייטאָר געענטפערט מיט פיל קלוגשאַפט. (בערל איז דעמאָלט געלאָפן פאַר קאָנגרעסמאַן פון די בראָנקס.)

— זע נאָר, ביזט טאַקע גערעכט, — האָט די מאַמע מאַלי געענטפערט.

איז בערל געווען זייער צופרידן, וואָס זיין ווייב מאַלי האָט גע־זאָגט, אַז ער איז גערעכט.

דערפאַר אָבער, אַז די דזשעקסאָנער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבערן פעלד, איז געוואָרן אַזאַ פּאַטשעריי, פּונקט ווי ס'וואָלט גע־דונערט. דאָס האָט מען געקלאַפּט בראַוואָ, ניט אַזוי די דזשעקסאָנער ביים־באָל שפּילער, ווי לאַבזיקן.

ריפקעלע האָט געפּירט לאַבזיקן באַ אַ שטריקל. אויסגעפּוצט איז געווען דאָס הינטעלע אין גאָלע רויטן. אָבער דאָס רויטע איז נאָך גאָרניט. די גלעקלעך, דאָס איז געווען דער איקער. אָפּן האַלדז האָט מען אים אָנגעהאַנגען אַ שנירל מיט אַ סאַך קליינע גלעקלעך, און זיי האָבן געקלונגען זייער שיין.

בערל דער אָפּערייטאָר האָט זיך אַזוי שטאַרק צעקלאַפּט, ווען ער האָט דערזען לאַבזיקן, אַז די מאַמע מאַלי האָט אים געמוזט אַ צופּ טאָן באַם אָרבל און זאָגן:

— בערל, קלאַפּ ניט אַזוי שטאַרק קיין בראַוואָ, ווייל מענטשן וועלן זאָגן, אַז דו האָסט די דזשעקסאָנער בעסער ליב, ווי די פּראָספּעקטער.

— זע נאָר, מאַלי, ביכט טאַקע גערעכט, — האָט בערל גלייך אויפגעהערט צו קלאַפּן אַזוי שטאַרק בראַוואָ.

איז די מאַמע מאַלי געווען זייער שטאַרק צופרידן, וואָס איר מאַן בערל האָט געזאָגט, אַז זי איז גערעכט.

האָקלאָל, די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן. בערלען אַלס קאַנדידאַט פאַר קאָנגרעסמאַן האָט מען אָנגעטאָן דעם גרויסן קאָוועד, און אים געלאָזט וואָרפן דעם ערשטן באָל. האָט בערל זייער שטאָלץ אַ וואָרף געטאָן דעם באָל און ס'איז ווידער געוואָרן אַ גרויס פּאַטשעריי און מען האָט געשריען: זאָל לעבן בערל דער אָפּערייטאָר, אונדזער נעקסטער קאָנגרעסמאַן פון די בראָנקס.

היימי דער געלער איז געווען דער „פּיטשער" און נויעך דער שוואַרצער איז געווען דער „קעטשער". האָט היימי דער געלער אַלע מאָל זיך געהאַלטן אין איין שנייצן די נאָז און געשליידערט דעם באָל מיט אַזאַ קראַפט צו נויעכן, אַז די פּראָספּעקטער האָבן שוין גאָרניט געקענט אויפטאָן.

לאַבזיקן האָט ריפקעלע שטאַרק צוגעהאַלטן באַם שטריקעלע, ווייל לאַבזיק, פאַרשטייט איר מיך, האָט שוין ניט געקאָנט איינזיצן. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין רייסן צום פעלד. ער האָט אויך געוואָלט

שפּילן ביים-באַל. אַז עמיצער פון די פראָספּעקטער האָט געשלאָגן דעם באַל, האָט ער זיך אַזוי שטאַרק צעהאָווקעט, אַז אַלע אַרום האָבן געשריען: — שטילער, דו לאַבזיק, לאָז קוקן.

באַ דעם ערשטן „אינינג" האָבן די פראָספּעקטער גאָרניט אויפגעטאָן. טאַקע גאָרניט. באַ דעם צווייטן „אינינג" האָבן די דזשעקסאָנער געדאַרפט שלאָגן דעם באַל, אָבער די פראָספּעקטער האָבן אויך געהאַט דעם ריכטיקן „פּיטשער". יענער איז אַפילע געווען אַ בעסערער „פּיטשער", ווי היימי דער געלער. מוליק האָט אַפילע ניט געקאָנט טרעפן דעם באַל קיין איין מאָל. דער פראָספּעקטער „פּיטשער" שליידערט דעם באַל מיט אַלע קויכעס, און איידער מוליק האָט צייט אַפילע זיך אַ וויג צו טאָן און דער פראָספּעקטער „קעטשער" מיט דער דראָטענער מאַסקע אַפן פּנים האַלט שוין דעם באַל אין זיינע הענט.

— באַל איינס, — שרייט דער „אָמפּייער".

— שי[illegible], דעם באַל, — שרייט ריפקעלע מיט אַלע קויכעס.

— [illegible]ג, זון, מוליק, — שרייט די מאַמע מאַלי און מאַכט מיט די הענט.

— דערלאַנג, מוליק, — שרייט דער טאַטע בערל און פאַרכאַפּט זיך טייקעף, אַז ער טאָר ניט שרייען.

— סטרייק איינס, — שרייט דער „אָמפּייר".

לאַבזיקן גייט אַזש אוים דאָס כיעס, אַזוי שטאַרק וויל ער אויך שפּילן באַל. אָבער ריפקעלע האַלט אים שטאַרק צו. זי ווייסט שוין, אַז מען דאַרף אים ניט אַרויסלאָזן פון די הענט.

— סטרייק צוויי, — שרייט דער „אָמפּייר".

— מוליק שלאָג, מוליק באַגראָב, מוליק דערלאַנג אַזוי, אַז דער באַל זאָל אַזש פאַרפליען, וואו דער שוואַרצער פעפער וואַקסט.

מוליק קאָן אָבער ניט שלאָגן. דער פראָספּעקטער „פּיטשער" איז שוין איינמאָל אַ „פּיטשער", גיך ווי אַ בליץ גיט ער אַ שליידער דעם באַל, און איידער וואָס ווען:

— סטרייק דריי, — שרייט שוין דער „אָמפּייער" און ציינט דריי פינגער.

וואַרפט מוליק אַוועק דעם ביים-באַל שטעקן און גייט אָפּ אַ פאַרשעמטער. די מענטשן פון פראָספּעקט עוועניו פרייען זיך און קלאַפּן בראַוואָ. די מענטשן פון דזשעקסאָן עוועניו זיינען טרויעריק.

— היימי, היימי, — שרייען אַלע דזשעקסאָנער. — היימי, דער־לאַנג! היימי, באַגראַב!

היימי שנייצט זיך אַלע מאָל די נאָז, אָבער עס העלפּט ניט. אַ וואונדערבאַרער „פּיטשער" דער פּראָספּעקטער. מען קאָן שוין גאָר ניט טאָן קעגן אים.

היימי האָט גאָרניט אויפגעטאָן און קיינער פון די איבעריקע דזשעקסאָנער האָט גאָרניט אויפגעטאָן, און אַזוי האָט זיך געענדיקט דער צווייטער „אינינג" מיט גאָרניט קעגן גאָרניט.

הייבט זיך אָן דער דריטער „אינינג". היימי דער געלער איז ווידער אַמאָל דער „פּיטשער", נויעך דער שוואַרצער—דער „קעטשער", אַרעלע פאַרנעמט דעם ערשטן „בייס", בעני — דעם צווייטן „בייס", פּעט—דעם דריטן „בייס", סעמי—דער לינקער „אַוט-פּילדער", זוני—דער רעכטער „אַוט-פּילדער", מוליק—דער צענטער „אַוט-פּילדער".

עס הייבט זיך ווידער אָן די שפּיל מיט אַזוינע געשרייען און געפּילדערייען. די טאַטעס, מאַמעס, קינדער פון דזשעקסאָן עוועניו שרייען:

— היימי, מאַך זיי אויס! מאַך זיי אויס!

— בו, בו, — שרייען די מענטשן פון פּראָספּעקט עוועניו.

היימי נעבעך שוויצט, און האָט שוין פאַרגעסן זיך צו שנייצן די נאָז און די פּראָספּעקטער שלאָגן איינער נאָכן אַנדערן. אַ פּראָספּעקטער האָט שוין פאַרנומען דעם ערשטן „בייס", אַ צווייטער פּראָספּעקטער האָט שוין פאַרנומען דעם צווייטן „בייס", אַ דריטער — דעם דריטן אויך. די פּראָספּעקטער גיבן אַ שלאָג דעם באָל, גיבן אַ וואָרף דעם שטעקן צו דער ערד, גיבן זיך אַ צעיאָג, און אײדער היימי כאַפּט דעם באָל און וואַרפט אים צו אַרעלען, האָט שוין דער פּראָספּעקטער צו־געיאָגט און אָנגערירט דעם „בייס", און גיי טו עפּעס.

ס'איז שלעכט. ס'איז ביטער. אָט קומט צו מיטן בייס-באָל שטעקן „לעמפּאָסט". אַזוי האָט מען אים גערופן אין פּראָספּעקט עוועניו, ווייל ער איז געווען אַזוי הויך, ווי אַ סלופּ אָף וועלכן ס'הענגט אַ גאַסן-לאָמפּ. איז די דזשעקסאָנער געוואָרן פינצטער אין די אויגן. זיי האָבן שוין געוואוסט, אַז ער וועט זיי מאַכן אַ „האָום-ראָן".

— בו, בו, לעמפּאָסט! — שרייט דזשעקסאָן עוועניו.

— גוטער לעמפּאָסט, פיינער לעמפּאָסט! — שרייט פּראָספּעקט עוועניו.

דאָס מאָל האָט זיך שוין היימי אויסגעשנייצט די נאָז גאַנצע צוויי מאָל און אַ צעוויג געטאָן זיין קערפּער און אַ שליידער געטאָן דעם באַל צו נויעכן מיט אַלע קויכעס. אָבער איידער וואָס ווען — אַ טראַך מיטן שטעקן. דער באַל פליט בּיזן הימל און לעמפּאַסט מיט די לאַנגע ראַגלאַאים יאָגט זיך, ווי אַ וויכער. דערווייל לויפט דער פּראָספּעקטער, וואָס באַם ערשטן ביים, פאַרכאַפּן דעם צווייטן ביים; דער פּראָספּעקטער וואָס באַם צווייטן ביים לויפט פאַרכאַפּן דעם דריטן ביים, און דער פּראָספּעקטער וואָס באַם דריטן ביים לויפט שוין גלייך צום פּלאַץ, וואו דער „קעטשער" שטייט — „אַהיים", הייסט עס.

— כאַפּ דעם „פלאַי", כאַפּ דעם „פלאַי"! — שרייט היימי מיט אַלע קויכעס צו מוליקן.

דער באַל פליט פון הימל גלייך אָף מוליקן. מוליק שטייט מיט אויסגעשטרעקטע הענט, מיט גרויסע אויגן, מיט אַ בלאַס פּאָנעם און איז שוין גרייט כאַפּן דעם „פלאַי". וואָלט ער געכאַפּט דעם „פלאַי", וואָלט שוין געווען אַז אָך און וויי צו די פּראָספּעקטער.

— כאַפּ דעם „פלאַי", כאַפּ דעם „פלאַי"! — שרייען אַלע דזשעקסאָנער.

און לאַבזיק? לאַבזיק איז שוין ניטאָ. אָף איין מינוט בלויז האָט ריפּקעלע אַרויסגעלאָזט דאָס שטריקעלע פון די הענט און ער איז שוין ניטאָ. ער יאָגט זיך גלייך צו מוליקן, וואָס שטייט מיט אויסגעשטרעקטע הענט, און אָט־אָט כאַפּט ער שוין דעם באַל. אָבער איידער וואָס ווען, גיט לאַבזיק אַ שפּרונג אין דער לופטן, גיט אַ כאַפּ דעם באַל אין די ציין מיט גרוים געדולע. דער באַל איז אַ ביסל געווען האַרטלעך, אָבער ס'האָט ניט אויסגעמאַכט פאַר לאַבזיקן. מיטן באַל אין די ציין האָט ער זיך געלאָזט לויפן גלייך צו בערל דעם אָפּערייטאָר. דאָס האָט ער בערלען געוואָלט געבן דעם באַל אַלס אַ מאַטאָנע.

— בו, בו, בו, — שרייען אַלע אָף אים, סיי די דזשעקסאָנער און סיי די פּראָספּעקטער. — בו, בו.

מאָלט אייך, יענעם אָוונט, נאָכדעם ווי די דזשעקסאָנער האָבן פאַרשפּילט, האָט מוליק געוואָלט אַ סאַך שלעכטס טאָן דעם לאַבזיקן. ער האָט אים פיינט געהאַט, ווי מען האָט פיינט אַ מיעסע זאַך. אַלע אין שטוב האָבן אים פיינט געהאַט, אַפילע בערל דער אָפּערייטאָר און די מאַמע מאַלי האָבן אויך ניט געוואָלט קוקן אָף אים. מען האָט גאָר אינגאַנצן ניט געוואָלט רעדן צו אים. לאַבזיק האָט זיך אַרומגעדרייט

אין שטוב, ווי אַ פּרעמדער. ער האָט אַזש געוואָלט וויינען פון פאַר־דרוס. גוט כאָטש, וואָס אין אַונט, ווען קיינער איז ניט געווען אין דער היים, האָט אים ריפקעלע גענומען אַף די הענט, געגלעט און געזאָגט:

— אוי, שלימאַזל מיינער, וואָס וועל איך טאָן מיט דיר, אַז דו ביזט אַזוי נאַריש.

אָבער לאַבזיקן האָט שוין ניט געאַרט, וואָס מען רופט אים שלימאַזל, אַבי זי גלעט אים, אָט די ריפקעלע. איז אים שוין געוואָרן אַ ביסל בעסער. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און אַנטשלאָפן געוואָרן.



# לאַבזיק לערנט אידיש


אַבזיק האָט זייער ליב צו גיין אין שול. ניט אין דער ענגלישער שול, נאָר אין דער אידישער שול. ער קומט אַלע טאָג מיט ריפקעלען. לייגט זיך אַנידער אונטערן טישל, און קוקט פון דאָרטן אַרויס צו די קינדער, וואָס זיצן זיך אָף די בענקלעך און טוען זייער אַרבעט. זיין קוקן אָף די קינדער איז ניט גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין. דאָס העלפט ער אַרויס דער לערערן האַלטן אָרדענונג אין קלאַס. גיט די לערערן אַ פּאַטש אין טיש און זאָגט: „קינדער, שטיל זאָל זיין.“ גיט לאַבזיק באַלד אַ מאַך:

— האַוו, האַוו.

דאָס הייסט, אַז ער וויל אויך, אַז ס'זאָל זיין שטיל.

בייזערט זיך די לערערן אָף עסטערן און שרייט:

— עסטער, וויפיל מאָל האָב איך דיר געזאָגט, אַז מען דאַרף צוגרייטן היים־אַרבעט?

— האַוו, האַוו, — בייזערט זיך דעמאָלט אויך לאַבזיק, האַלמאַי זי פאַרגעסט די היים־אַרבעט.

איר ווייסט דאָך, אַז קינדער אין אַן אידישער שול האָבן ליב צוצעשלעפן דאָס קרייד. די לערערן איז ניט צופרידן, וואָס די קינדער האָבן ליב צוצעשלעפן דאָס קרייד. ערשטנס, קאָסט דאָס געלט. צווייטנס, וואָס עפּעס אַ שלעפעניש? פון זינט אָבער לאַבזיק האָט זיך אָנגעהויבן לערנען אין דער שול שלעפט מען שוין ניט קיין קרייד. ער גיט שוין גוט אַכטונג, באַזונדערס אָף גודין. גודי האָט אַ טעווע, אַז ווי באַלד ער דערזעט נאָר אַ שטיקל קרייד, אַזוי כאַפּט ער דאָס גלייך אַוועק. האָט זיך לאַבזיק דערוואוסט פון זיין טעווע, און גודי קאָן שוין מערער ניט שלעפן קיין קרייד. אַנו, זאָל ער יאָ שלעפן, וועט לאַבזיק אָנהייבן צו שפּרינגען קעגן אים, האַווקען, שמשירען די ציינדלעך, און גודי נעבעך מוז שוין אַרויסנעמען צוריק דאָס צוגעשלעפטע שטיקל קרייד פון דער קעשענע און דאָס אַנידערלייגן אָף דעם פריערדיקן פּלאַץ.

אבער ניט דאָס וויל איך אייך דערציילן. איך וויל אייך דערציילן וועגן רעדן אידיש אין קלאַס. די לערערן קאָן נים פאַרליידן, אַז מען רעדט ענגליש אין קלאַס.

— ס׳איז דאָך אַ אידישע שול — טיינעט זי — אייערע טאַטעס און מאַמעס ווילן דאָך, אַז איר זאָלט זיך אויסלערנען רעדן אידיש. וואָס-זשע איז דאָס פאַר אַן ענגליש רעדן אין קלאַס, וואָס ? קאַרג רעדט איר ענגליש אין גאַס, אַ ? פון היינט און ווייטער מאַכן מיר אַזוי, אַז ווער עס רעדט אוים אַן ענגליש וואָרט, ווערט באַשטראָפט מיט אַ שלעכטן צייכן — אַ מינוס. אַט הענג איך אויף אַ צעטל אָף דער וואַנט מיט יעדנס נאָמען. רעדט מען אוים אַן ענגליש וואָרט, שטעל איך גלייך אַ מינוס לעבן יענעמס נאָמען.

— נו, און לאַבזיק ? — פרעגט עסטער מיטן קליינעם נעזל.

— יאָ, טאַקע, און לאַבזיק ? כאַ, כאַ, כאַ — ווערט אַ טומל.

— לאַבזיק פאַרשטייט סיי ווי סיי ניט קיין ענגליש — רופט זיך אָן ריפקע. — מיר רעדן צו לאַבזיקן בלויז אין אידיש.

— וואָס דאַרפט איר זיך זאָרגן וועגן לאַבזיקן ? — זאָגט די לערערן. — ער וועט שוין זיין שטעטל אליין באַשטיין. איז הייסט דאָס, אָפּגעמאַכט ?

— אָפּגעמאַכט ! — רופן זיך אָן אַלע קינדער.

— הויבט אויף יעדער איינער זיין האַנט און זאָגט צו.

הויבן אויף די קינדער יעדער איינער זיין האַנט און זאָגן צו :

— פון היינט און ווייטער, רעדן מיר אין קלאַס בלויז אין אידיש.

לאַבזיק קוקט זיך צו צו דער גאַנצער מייסע, און פאַרשטייט קיין וואָרט ניט. אָבער ער וועט שוין אויסגעפינען, וואָס מען האָט אָפּגעמאַכט. איר מעגט זיך שוין אָף לאַבזיקן פאַרלאָזן.

הויבן אויף די קינדער יעדער איינער זיין האַנט און זאָגן צו.

גייען אַוועק עטלעכע טעג. זעט לאַבזיק ווי אַלעמאַל שטעלט די לערערן אָפּ אַן אַנדער קינד און זאָגט :

— עסטער, האָסט געזאָגט אַן ענגליש וואָרט — מינוס. — און שרייבט צו גלייך אַ מינוס לעבן איר נאָמען.

— גודי, ווידער אַן ענגליש וואָרט.

— בעני, דו אויך ?

— אָף דיר, ריפקעלע, וואָלט איך זיך שוין גאָרניט געגלויבט.

היטן זיך די קינדער און פרובירן צו רעדן בלויז אידיש. אָבער

איר ווייסט דאָך, ווי קינדער זיינען, זיי קענען זיך ניט איינהאַלטן. איז איינמאָל, ווען די לערערן איז אַרויסגעגאַנגען אַף אַ פּאָר מינוט, רופט זיך אָן גודי:

— אַלבעטשע, מיר וועלן שוין היינט מערער ניט לערנען.

— האַוו, האַוו, — הייבט אָן צו שפּרינגען קעגן אים דאָס הינטעלע און שטשירעט מיט די ציינדלעך.

— לאַבזיק, וואָס'ס די מעדער וויט יו? איך האָב דאָך קיין קרייד ניט גענומען.

— האַוו, האַוו! — איז לאַבזיק נאָך מערער אין קאַס.

— וואָס טאַקע האַווקעט ער אַף גודין? — וואונדערט זיך עסטער.

— איט'ס דזשאַסט פּאָר פאַן — מאַכט סילוויע.

— האַוו, האַוו! — האַווקעט ער אויך אַף סילוויען.

— איי קענט מייק הים אַוט, — זאָגט פּעני.

— האַוו, האַוו! — האַווקעט ער אויך אַף פּענין.

— וואָס איז דאָס פּאַר אַ האַווקעריי? — וואונדערט זיך די לערערן, ווען זי איז אין אַ פּאָר מינוט אַרום אַריינגעקומען צוריק אין קלאַס.

— מיר וויסן ניט, פּאַרוואָס ער האַווקעט, — מאַכט סיידי.

— אָבער עפּעס איז מיסטאָמע געשען? — לאָזט די לערערן ניט אָפּ די גאַנצע מייסע. — האָט איר געשלעפּט קרייד?

— ניין, — ענטפערן די קינדער.

— האָט איר געמאַכט טומל?

— ניין.

— וואָס זשע דען?

— איך וויים. איי טהינק הי גאָט קרייזי, דהעט לאַבזיק, — מיינט עסטער.

— האַוו, האַוו, און האַוו האַוו! — שפּרינגט ער עסטערן גלייך אַנטקעגן פּאַנעם. — האַוו, האַוו!

— אַ, אַ, — ווייסט שוין ריפקעלע. — ס'איז דערפאַר, וואָס מען רעדט ענגליש אין קלאַס.

— ריכטיק, ריכטיק, — מאַכט די לערערן. — עסטער, איך שטעל דיר אַ מינוס.

ווי באַלד די לערערן האָט צוגעשטעלט אַ מינוס לעבן עסטערס נאָמען, אַזוי איז לאַבזיק טייקעף שטיל געוואָרן, זיך צוריקגעקערט צו

זיין שטענדיקן פלאַץ אונטערן טיש. זיך אַנידערגעלייגט דאָרטן און איז שוין געווען צופרידן.

אָבער — אויך ניט דאָס וויל איך אייך דערציילן. גודי האָט געהאַט אַ כאַווער, אַן אירלענדיש אינגל, אָ׳קאָנאָר האָט מען אים גערופן. איז איינמאָל קומט אַריין אָ׳קאָנאָר אין שול און רופט זיך אָן:

— גודי, איי וואָנט טו טעל יו סאָמטינג.

— האַוו, האַוו! — שפּרינגט גלייך אַנטקעגן אים לאַבזיק.

— ווהאַי, לאַבזי, ווהאָט אַר יו רייווינג עבאַוט? — רעדט צו אים אָ׳קאָנאָר מיט גוטן.

— האַוו, האַוו! — וויל ער אים אַ ביס טאָן.

אַז אָ׳קאָנאָר האָט דערזען, אַז מען וויל אַ ביס טאָן, איז ער גלייך אַנטלאָפן.

שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג. אָ׳קאָנאָר האָט, ווייזט אויס, פאַרגעסן וועגן פריערדיקן, קומט ער ווידער אין שול, ווען די לערערן איז ניט געווען אין קלאַס, און מאַכט:

— ליסן, גודי, טומאָראָ עפטער . . .

— האַוו, האַוו! — וואַקסט אויס לאַבזיק.

— וואָס איז געוואָרן מיט לאַבזיקן? — וואונדערט זיך עסטער.

— ער לאָזט שוין ניט קיין מענטשן אַריינגיין.

— איך דענק, אַז לאַבזיק איז אַ שאָוויניסט, — מאַכט סילוויע.

— אַ וואָס? — ווייסן ניט די קינדער.

— אַ שאָוויניסט, — פּאַרטייטשט סילוויע. — ס׳מיינט, לעמאָשל, ווען עמיצער איז אַ איד און האָט פּיינט אַ קריסט.

— שעמען מעגסטו זיך, לאַבזיק! ביסט אַ שאָוויניסט, אַ שאָוויניסט, — שרייען זיי אָן אויף אים.

— מען דאַרף מאַכן וועגן אים אַ מישפּעט! — איז גודי בייז. — לאָמיר אים מישפּעטן און באַשטראָפן, ווי אַמאָל, ווען ער האָט אַ ביס געטאָן דאָס נעגערל.

— ריכטיק, ריכטיק, לאָמיר אים מישפּעטן, — שרייען אויס אַלע קינדער.

— לאַבזיק, קום אַהער, — רופט זיך אָן ריפקע.

גייט לאַבזיק צו מיט דערשראָקענע אויערן. ער פאַרשטייט שוין, אַז מען קלייבט זיך אים עפּעס אָפּטאָן.

— ווי איז מיר, — איז ריפקע טרויעריק. — ביזט גאָר אַ שאָווי-

ניסט. פארשטייסט דען ניט, אז אן אירלענדיש אינגל קען ניט רעדן קיין אידיש? איי, לאבזיק, לאבזיק.

ווייסט ניט לאבזיק וואס צו ענטפערן און שעמט זיך.

— לאבזיק, גיך, בעט איבער אָ׳קאנאָרן. גיי צו צו אים און גיב אים א לעק.

— דאנט בי קראס, לאבזיק, — מאכט צו אים אָ׳קאנאָר מיט גוטן.

— האוו, האוו! — צעהאווקעט זיך אף אים ווידער לאבזיק, און וויל אים א ביס טאָן.

— איך האב אייך געזאגט, אז ער איז א שאוויניסט, — פרייט זיך סילוויע, וואס זי איז געווען גערעכט.

— ווארט נאר אוים, ווארט נאר אוים, — רופט זיך אן בעני, וואס איז זייער א קלוגער.

ווארטן אלע קינדער אוים. בעני נעמט אוועק אָ׳קאנאָרן אין א זייט, שושקעט זיך מיט אים עפעס, רעדט צו אים עפעס. אָ׳קאנאָר ענטפערט, לאכט און ענטפערט אים עפעס. דערנאכדעם גייט אָ׳קאנאָר גלייך צו צו לאבזיקן, וואס שטייט און ווארט. ער קומט צו נאענט צום הינטל און מאכט צו אים אף אידיש:

— לאבזיק, זיי ניט ב־י־ג־זי־געז.

איז געווארן אזא געלעכטער, כא, כא, כא, כא, מען האט אזוי געלאכט, אז מען לאכט נאך ביז היינט צו טאג.



# וואָס מיינען די ענגלישע ווערטער אין בוך?

## א

„אוטפילדער" — זע „בייסבאָל".
„איי וואָנט טו טעל יו סאָמטינג" — איך וויל דיר עפּעס זאָגן.
„איי טינק הי גאָט קרייזי" — איך דענק, אַז ער איז משוגע געוואָרן.
„איי קענט מייק הים אָוט" — איך קען אים ניט פאַרשטיין.
„איבינג" — זע „בייסבאָל".
„אַלבעטשע" — איכ'ל זיך וועטן מיט דיר.
„אַמפּייר" — זע „בייסבאָל".
„אָפּערייטאָר" — דער וואָס אַרבעט אַף אַ שטעפּ-מאַשין.
„איטס דזשאָסט פאָר פאָן" — ס'איז בלויז אַף שפּאַס.

## ב

„באָסעס" — באַלעבאַטים. „באָרדער" — קוואַרטיראַנט. „בייס" — זע „בייסבאָל"

„בייסבאָל" — די נאַציאָנאַלע שפּיל פון די פאַראייניקטע שטאַטן. ווערט געשפּילט ווי פאָלגט: אין יעדער קאָמאַנדע (גרופּע, „טים") זיינען פאַראַן ניין שפּילער. אַפן פעלד וואו מען שפּילט ווערן אויסגעטיילט פיר שטיקלעך ערד (געוויינלעך באַדעקט מיט אַ פלאַכן קישן) אין דער פאָרמע פון אַ קאַסטן סקווער, דער שטעטך צווישן זיי איז אומעטום גלייך (90 פוס). די ווערן אָנגערופן „בייסעס" (איינצאָל: „בייס").

דער צאָפּן-פלאַץ פונעם סקווער ווערט אָנגערופן „האָום פּלייט". איין „טים" ווערט אויסגעשטעלט אין פאַרשיידענע פּאָזיציעס איבערן פעלד. דער „קעטשער", אָדער „כאַפּער", שטייט הינטער דעם „האָום פּלייט" קעדיי צו כאַפּן די פּילקע, וואָס דער „פּיטשער" אָדער „דער וואַרפער" פון דער זעלבער גרופּע וואַרפט אַריבער דעם „האָום פּלייט" פון מיטן פעלד (60 פוס פון „פּלייט"). די אַנדערע גרופּע שיקט איינעם פון אירע שפּילער, וועלכער שטייט לעבן „האָום פּלייט" און זיין ציל איז צו שלאָגן די פּילקע וואָס דער „פּיטשער" וואַרפט מיט אַ שטעקן אַזוי ווייט ווי מעגלעך, קעדיי די שפּילער פון דער אַנדערער גרופּע זאָלן ניט קענען כאַפּן די פּילקע. אַזוי גיך ווי ער האָט אַ שלאָג געטאָן די פּילקע לאָזט ער זיך לויפן פון איין „בייס" ביז דעם אַנדערן. די שפּילער פון דער אַנדערער גרופּע זוכן צו כאַפּן די פּילקע אַזוי שנעל ווי מעגלעך און זי וואַרפן צו דעם שפּילער פון דעם „בייס" צו וועלכן דער וואָס האָט געשלאָגן די פּילקע לויפט. דער שפּילער וואָס כאַפּט די פּילקע דאַרף אָנרירן דעם „לויפער" מיט דער פּילקע איידער דער „לויפער" קען אַרויפשטעלן זיין פוס אַף דעם „בייס". דער ציל פון דעם „פּיטשער" איז צו וואַרפן די פּילקע אַזוי קונציק, אַז דער „שלאָגער" פון דער אַנדערער קאָמאַנדע זאָל ניט קענען שלאָגן די פּילקע אָדער זאָל זי ניט שלאָגן צו ווייט.

דער „פּיטשער" דאַרף וואַרפן די פּילקע פּונקט איבער דעם „האָום פּלייט" צווישן דער שלאָגערס אַקסלען און קניען. אויב ער טוט דאָס אַזוי און דער שלאָגער שלאָגט ניט די פּילקע ווערט עס אָנגערופן אַ „סטרייק". ווען דער שלאָגער האָט דריי „סטרייקס" קעגן זיך גייט ער אַרויס פון שפּיל. ווען דריי שלאָגער גייען אַרויס פון דער שפּיל גייט די שלאָגער-קאָמאַנדע אַרויס אַפן פעלד און די וואָס איז ערשט געווען אַפן פעלד שטעלט אַרויס אירע שפּילער צו שלאָגן די פּילקע. ווען ביידע קאָמאַנדעס קריגן די געלעגנהייט צו שלאָגן די פּילקע ווערט עס אָנגערופן אַן „איבינג". אין דער שפּיל זיינען פאַראַן ניין אַזעלכע „איבינגס".

ווען דער שלאָגער ווערט ניט געכאַפּט אַף דער „בייס" שטעלט ער זיך דאָרטן אָפּ און ווען דער צווייטער שלאָגער שלאָגט די פּילקע לויפט ער ווייטער. זיין ציל איז אַזוי אַרומצולויפן אַלע דריי „בייסעס" און צוריקקומען צום „האָום פּלייט". ווען דאָס ווערט געטאָן איינמאָל ווערט פאַרצייכנט אַן איינס צום קרעדיט פון דער קאָמאַנדע, וועמעס שלעגער זיינען אַזוי אַרומגעלאָפן אַרום די פיר „בייסעס". דאָס ווערט אָנגערופן אַ „ראָן" (אַ לויף). לויט דער צאָל „ראָנס" רעכנט מען וועלכע קאָמאַנדע האָט געוואונען. די קאָמאַנדע, וואָס האָט מער „ראָנס" צו איר קרעדיט באַם סאָף שפּיל, געווינט.

אַמאָל שלאָגט דער שפּילער די פּילקע אַזוי שטאַרק, אַז קיינער פון דער אַנדערער קאָמאַנדע קען זי ניט כאַפּן אָדער מען כאַפּט זי צו שפּעט און ער קען אַזוי פרוי

אַרומלויפן איבער אַלע „בייסעס". דאָס ווערט אָנגערופן אַ „האָום ראַן", און ווערט פאַרעכנט דאָס זעלבע ווי אַ פולער „ראַן".

ווען דער שלאָגער שלאָגט די פּילקע הויך אין הימל ווערט דאָס אָנגערופן אַ „פלאַי". דאָס איז געוויינלעך זייער גרינג צו כאַפּן און דער שלאָגער גייט נאָכדעם אַרויס פון דער שפּיל.

דער „אָמפּייר" איז דער, וואָס זעט אַז אַלץ זאָל גיין אין אָרדענונג און ער אַנטשיידט פאַרשיידענע שטרייטיקייטן. ער איז, פאַרשטייט זיך, נישט פון די שפּילער.

„בלאָק" — סקווער פון אַ גאַס.

## ג

„גראָסערי" — באַקאַליי.

## ד

„דאַונטאַון" — געשעפט-צענטער פון אַ שטאָט. „דאָנט בי קראָס" — זיי נישט בייז.

„דזשעניטאָר" — אַן אַרבעטער וואָס גיט אַכטונג אויף דעם הויז, וואָס ציינדט אָן די אויוונס און טוט אַנדערע הויז-אַרבעטן.

„דיספּאָזעס" — אַ גאַרביטש-באַפּעל, וואָס צווינגט אַ שאָכן זיך אַרויסצוציען פון הויז, ווען ער באַצאָלט נישט זיין דירה-געלט.

## ה

„האָו דו יו דו" — וואָס מאַכסטו עפּעס? „האָום ראַן" — זע „בייסבאָל".

„האָלס" — זאַלן פאַר פאַרזאַמלונגען, אויך קאָרידאָרן.

## ו

„וואָטס די מעדער וויט יו" — וואָס איז מיט דיר?

„וואָט אַר יו רייווינג אַבאַוט" — וועגן וואָס פּלאַפּלסטו?

## ט

„טיים" — זע „בייסבאָל". „טאָמייטעס" — פּאָמידאָרן.

„טעקסי" — אַן אָטאָמאָביל וואָס ווערט געדונגען אַרומצופירן פּאַסאַזשירן.

## ל

„ליסן גודי, טומאָראָ עפטער . . ." — הער זיך איין, גודי, מאָרגן, נאָך . . .

## מ

„מעיאָר" — דער הויפּט-באַאַמטער פון אַ שטאָט, אַ מאַיאָר.

„מאַרשאַל" — דער רעגירונג-אַנגעשטעלטער וואָס פירט אויס דעם גערי‌כט-באַפעל אַרויסצוזעצן די שכנים פון די הייזער. „מיינער" — קוילן-גרעבער.

## נ

„נעקסטער" — דער צווייטער אין ריי.

## ס

„סקול" — שול. „סטרייק" — זע „בייסבאָל".

## ע

„עוועניו" — אַ גאַס.

„עלעווייטאָר" — אַ הויב-מאַשין אין אַ געביידע, וואָס פירט אַרויף די מענטשן.

## פּ

„פּיטשער" — זע „בייסבאָל".

## פ

„פלאַי" — זע „בייסבאָל".

## ק

„קאָנגרעסמאַן" — אַ מיטגליד פון קאָנגרעס, דער פּאַרלאַמענט פון די פאַראייניקטע שטאַטן. קוני איילאַנד — דאָס באַרימטע באָד-פּלאַץ פון ניו יאָרק

„קלאָב" — אַ דיקער, קורצער שטעקן, וואָס ווערט געוויינלעך באַנוצט פון דער פּאָליציי.

„קעפּטן" — קאַפּיטאַן. „קעטשער" — זע „בייסבאָל".

## ר

„רעליף" — הילף וואָס די רעגירונג גיט צו די אַרבעטלאָזע.

אַרומלויפֿן איבער אַלע „בייסעס". דאָס ווערט אָנגערופֿן אַ „האָום ראַן", און ווערט פֿאַרעכנט דאָס זעלבע ווי אַ פֿולער „ראַן".

ווען דער שלאָגער שלאָגט די פּילקע הויך אין הימל ווערט דאָס אָנגערופֿן אַ „פֿלאַי". דאָס איז געוויינלעך זייער גרינג צו כאַפּן און דער שלאָגער גייט נאָכדעם אַרויס פֿון דער שפּיל.

דער „אָמפּייער" איז דער, וואָס זעט אַז אַלץ זאָל גיין אין אָרדענונג און ער אַנטשיידט פֿאַרשיידענע שטרייטפֿיקייטן. ער איז, פֿאַרשטייט זיך, נישט פֿון די שפּילער.

„בלאָק" — סקווער פֿון אַ גאַס.

## ג

„גראָסערי" — באַקאַליי.

## ד

„דאַונטאַון" — געשעפֿט-צענטער פֿון אַ שטאָט. „דאָנט בי קראָס" — זיי נישט בייז.

„דזשעניטאָר" — אַן אַרבעטער וואָס גיט אַכטונג אויף דעם הויז, וואָס צינדט אָן די אויוונס און טוט אַנדערע הויז-אַרבעטן.

„דיספּאָזעס" — אַ געריכט-באַפֿעל, וואָס צווינגט אַ שאָכן זיך אַרויסצוציען פֿון הויז, ווען ער באַצאָלט נישט זיין דירע-געלט.

## ה

„האַו דו יו דו" — וואָס מאַכסטו עפּעס? „האָום ראַן" — זע „בייסבאָל".

„האָלס" — זאַלן פֿאַר פֿאַרזאַמלונגען, אויך קאָרידאָרן.

## ו

„וואַטס די מעטער וויט יו" — וואָס איז מיט דיר?

„וואָהאָט אַר יו רייווינג אַבאַוט" — וועגן וואָס פּלאַפּלסטו?

## ט

„טים" — זע „בייסבאָל". „טאָמייטעס" — פּאָמידאָרן.

„טעקסי" — אַן אויטאָמאָביל וואָס ווערט גענוצט פֿאַר געדונגענע אַרומצופֿירן פּאַסאַזשירן.

## ל

„ליסן גודי, טומאָרא עפּטער . . ." — הער זיך איין, גודי, מאָרגן, נאָך . . .

## מ

„מעיאָר" — דער הויפּט-באַאַמטער פֿון אַ שטאָט, אַ מאַיאָר.

„מאַרשאַל" — דער רעגירונג-אָנגעשטעלטער וואָס פֿירט אויס דעם געריכט-באַפֿעל אַרויסצוזעצן די שכנים פֿון די הייזער. „מיינער" — קוילן-גרעבער.

## נ

„נעקסטער" — דער צווייטער אין ריי.

## ס

„סקול" — שול. „סטרייק" — זע „בייסבאָל".

## ע

„עוועניו" — אַ גאַס.

„עלעווייטאָר" — אַ הויב-מאַשין אין אַ געבייַדע, וואָס פֿירט אַרויף די מענטשן.

## פּ

„פּיטשער" — זע „בייסבאָל".

## פֿ

„פֿלאַי" — זע „בייסבאָל".

## ק

„קאָנגרעסמאַן" — אַ מיטגליד פֿון קאָנגרעס, דער פּאַרלאַמענט פֿון די פֿאַראייניקטע שטאַטן. קוני איילאַנד — דאָס באַרימטע באָד-פּלאַץ פֿון ניו יאָרק

„קלאָב" — אַ דיקער, קורצער שטעקן, וואָס ווערט געוויינלעך באַנוצט פֿון דער פּאָליציי.

„קעפּטן" — קאַפּיטאַן. „קעטשער" — זע „בייסבאָל".

## ר

„רעליף" — הילף וואָס די רעגירונג גיט צו די אַרבעטלאָזע.

# וואָס מיינען די ענגלישע ווערטער אין בוך?

## א

„אַוטפּילדער" — זע „בייסבאָל".
„איי וואָנט טו טעל יו סאַמטינג" — איך וויל דיר עפּעס זאָגן.
„איי טינק הי גאַט קרייזי" — איך דענק, אַז ער איז משוגע געוואָרן.
„איי קענט מייק הים אַוט" — איך קען אים ניט פאַרשטיין.
„איניננג" — זע „בייסבאָל".
„אָלבעטשע" — איכ'ל זיך וועטן מיט דיר.
„אַמפּייר" — זע „בייסבאָל".
„אָפּערייטאָר" — דער וואָס אַרבעט אויף אַ שטעפּ-מאַשין.
„איטס דזשאַסט באַר פאָן" — ס'איז בלויז אויף שפּאַס.

## ב

„באַסעס" — באַלעבאַטים. „באָרדער" — קוואַרטיראַנט. „בייס" — זע „בייסבאָל"

„בייסבאָל" — די נאַציאָנאַלע שפּיל פון די פאַרייניקטע שטאַטן. ווערט געשפּילט ווי פאָלגט: אין יעדער קאָמאַנדע (גרופּע, „טים") זיינען פאַראַן ניין שפּילער. אויפן פעלד וואו מען שפּילט ווערן אויסגעטיילט פיר שטיקלעך ערד (געוויינלעך באַדעקט מיט אַ פלאַכן קישן) אין דער פאָרמע פון אַ קאַסטן סקווער, דער שטעטך צווישן זיי איז אומעטום גלייך (90 פוס). די ווערן אָנגערופן „בייסעס" (איינצאָל: „בייס").

דער צענטער-פּלאַץ פונעם סקווער ווערט אָנגערופן „האָום פּלייט". איין „טים" ווערט אויסגעשטעלט אין פאַרשיידענע פּאָזיציעס איבערן פעלד. דער „קעטשער", אָדער „כאַפּער", שטייט הינטער דעם „האָום פּלייט" קעדיי צו כאַפּן די פּילקע, וואָס דער „פּיטשער" אָדער „דער וואַרפער" פון דער זעלבער גרופּע וואַרפט אַריבער דעם „האָום פּלייט" פון מיטן פעלד (60 פוס פון „פּלייט"). די אַנדערע גרופּע שיקט איינעם פון אירע שפּילער, וועלכער שטייט לעבן „האָום פּלייט" און זיין ציל איז צו שלאָגן די פּילקע וואָס דער „פּיטשער" וואַרפט מיט אַ שטעקן אַזוי ווייט ווי מעגלעך, קעדיי די שפּילער פון דער אַנדערער גרופּע זאָלן ניט קענען כאַפּן די פּילקע. אַזוי גיך ווי ער האָט אַ שלאָג געטאָן די פּילקע לאָזט ער זיך לויפן פון איין „בייס" ביז דעם אַנדערן. די שפּילער פון דער אַנדערער גרופּע זוכן צו כאַפּן די פּילקע אַזוי שנעל ווי מעגלעך און זי וואַרפן צו דעם שפּילער פון דעם „בייס" צו וועלכן דער וואָס האָט געשלאָגן די פּילקע לויפט. דער שפּילער וואָס כאַפּט די פּילקע דאַרף אָנרירן דעם „לויפער" מיט דער פּילקע איידער דער „לויפער" קען אַרויפשטעלן זיין פוס אויף דעם „בייס". דער ציל פון דעם „פּיטשער" איז צו וואַרפן די פּילקע אַזוי קונציק, אַז דער „שלאָגער" פון דער אַנדערער קאָמאַנדע זאָל ניט קענען שלאָגן די פּילקע אָדער זאָל זי ניט שלאָגן צו ווייט.

דער „פּיטשער" דאַרף וואַרפן די פּילקע פּונקט איבער דעם „האָום פּלייט" צווישן דער שלאָגערס אַקסלען און קניען. אויב ער טוט דאָס אַזוי און דער שלאָגער שלאָגט ניט די פּילקע ווערט עס אָנגערופן אַ „סטרייק". ווען דער שלאָגער האָט דריי „סטרייקס" קעגן זיך גייט ער אַרויס פון שפּיל. ווען דריי שלאָגער גייען אַרויס פון דער שפּיל גייט די שלאָגער-קאָמאַנדע אַרויס אויפן פעלד און די וואָס איז ערשט געווען אויפן פעלד שטעלט אַרויס אירע שפּילער צו שלאָגן די פּילקע. ווען ביידע קאָמאַנדעס קריגן די געלעגנהייט צו שלאָגן די פּילקע ווערט עס אָנגערופן אַן „איניננג". אין דער שפּיל זיינען פאַראַן ניין אַזעלכע „איניננגס".

ווען דער שלאָגער ווערט ניט געכאַפּט אויף דער „בייס" שטעלט ער זיך דאָרטן אָפּ און ווען דער צווייטער שלאָגער שלאָגט די פּילקע לויפט ער ווייטער. זיין ציל איז אַזוי אַרומצולויפן אַלע דריי „בייסעס" און צוריקקומען צום „האָום פּלייט". ווען דאָס ווערט געטאָן איינמאָל ווערט פאַרצייכנט אַן איינס צום קרעדיט פון דער קאָמאַנדע, וועמעס שלעגער זיינען אַזוי אַרומגעלאָפן אַרום די פיר „בייסעס". דאָס ווערט אָנגערופן אַ „ראָן" (אַ לויף). לויט דער צאָל „ראָנס" רעכנט מען וועלכע קאָמאַנדע האָט געוואונען. די קאָמאַנדע, וואָס האָט מער „ראָנס" צו איר קרעדיט באַם סאָף שפּיל, געווינט.

אַמאָל שלאָגט דער שפּילער די פּילקע אַזוי שטאַרק, אַז קיינער פון דער אַנדערער קאָמאַנדע קען זי ניט כאַפּן אָדער מען כאַפּט זי צו שפּעט און ער קען אַזוי פריי

ניסם. פֿאַרשטייסט דען ניט, אַז אַן אירלענדיש אינגל קען ניט רעדן קיין אידיש ? איי, לאַבזיק, לאַבזיק.

ווייסט ניט לאַבזיק וואָס צו ענטפֿערן און שעמט זיך.

— לאַבזיק, גיך, בעט איבער אָ׳קאַנאָרן. גיי צו צו אים און גיב אים אַ לעק.

— דאַנס בי קראָס, לאַבזיק, — מאַכט צו אים אָ׳קאַנאָר מיט גוטן.

— האַוו, האַוו ! — צעהאַווקעט זיך אַף אים ווידער לאַבזיק, און וויל אים אַ ביס טאָן.

— איך האָב אייך געזאָגט, אַז ער איז אַ שאָוויניסט, — פֿרייט זיך סילוויע, וואָס זי איז געווען גערעכט.

— וואַרט נאָר אויס, וואַרט נאָר אויס, — רופֿט זיך אָן בעני, וואָס איז זייער אַ קלוגער.

וואַרטן אַלע קינדער אויס. בעני נעמט אַוועק אָ׳קאַנאָרן אין אַ זייט, שושקעט זיך מיט אים עפּעס, רעדט צו אים עפּעס. אָ׳קאַנאָר ענטפֿערט, לאַכט און ענטפֿערט אים עפּעס. דערנאָכדעם גייט אָ׳קאַנאָר גלייך צו צו לאַבזיקן, וואָס שטייט און וואַרט. ער קומט צו נאָענט צום הינטל און מאַכט צו אים אַף אידיש :

— לאַבזיק, זיי ניט ב־י־ג־זי־גנז.

איז געוואָרן אַזאַ געלעכטער, כאַ, כאַ, כאַ, כאַ, מען האָט אַזוי געלאַכט, אַז מען לאַכט נאָך ביז היינט צו טאָג.



זיין שטענדיקן פּלאַץ אונטערן טיש. זיך אַנידערגעלייגט דאָרטן און איז שוין געווען צופרידן.

אָבער — אויך ניט דאָס וויל איך אייך דערציילן. גודי האָט געהאַט אַ כאַווער, אַן אירלענדיש אינגל, אָ׳קאָנאָר האָט מען אים גערופן. איז איינמאָל קומט אַריין אָ׳קאָנאָר אין שול און רופט זיך אָן:

— גודי, איי וואָנט טו טעל יו סאַמטינג.

— האַוו, האַוו! — שפּרינגט גלייך אַנטקעגן אים לאַבזיק.

— וואַטי, לאַבזי, וואַט אַר יו רייווינג עבאַוט? — רעדט צו אים אָ׳קאָנאָר מיט גוטן.

— האַוו, האַוו! — וויל ער אים אַ ביס טאָן.

אַז אָ׳קאָנאָר האָט דערזען, אַז מען וויל אַ ביס טאָן, איז ער גלייך אַנטלאָפן.

שפּעטער מיט אַ פּאָר טעג. אָ׳קאָנאָר האָט, ווייזט אויס, פאַרגעסן וועגן פריערדיקן, קומט ער ווידער אין שול, ווען די לערערן איז ניט געווען אין קלאַס, און מאַכט:

— ליסן, גודי, טומאָראָ עפטער . . .

— האַוו, האַוו! — וואַקסט אויס לאַבזיק.

— וואָס איז געוואָרן מיט לאַבזיקן? — וואונדערט זיך עסטער.

— ער לאָזט שוין ניט קיין מענטשן אַריינגיין.

— איך דענק, אַז לאַבזיק איז אַ שאָוויניסט, — מאַכט סילוויע.

— אַ וואָס? — וויסן ניט די קינדער.

— אַ שאָוויניסט, — פאַרטייטשט סילוויע. — ס׳מיינט, לעמאָשל, ווען עמיצער איז אַ איד און האָט פיינט אַ קריסט.

— שעמען מעגסטו זיך, לאַבזיק! ביסט אַ שאָוויניסט, אַ שאָוויניסט, — שרייען זיי אָן אויף אים.

— מען דאַרף מאַכן וועגן אים אַ מישפּעט! — איז גודי בייז. — לאָמיר אים מישפּעטן און באַשטראָפן, ווי אַמאָל, ווען ער האָט אַ ביס געטאָן דאָס נעגערל.

— ריכטיק, ריכטיק, לאָמיר אים מישפּעטן, — שרייען אויס אַלע קינדער.

— לאַבזיק, קום אַהער, — רופט זיך אָן ריפקע.

גייט לאַבזיק צו מיט דערשראָקענע אויערן. ער פאַרשטייט שוין, אַז מען קלייבט זיך אים עפּעס אָפּטאָן.

— ווייַ איז מיר, — איז ריפקע טרויעריק. — ביזט גאָר אַ שאָווי-

איר ווייסט דאָך, ווי קינדער זיינען, זיי קענען זיך ניט איינהאַלטן. איז איינמאָל, ווען די לערערן איז אַרויסגעגאַנגען אָף אַ פּאָר מינוט, רופט זיך אָן גודי:

— אַלבעטשע, מיר וועלן שוין היינט מערער ניט לערנען.

— האָוו, האָוו, — הייבט אָן צו שפּרינגען קעגן אים דאָס הינטעלע און שטשירעט מיט די ציינדלעך.

— לאַבזיק, וואָט'ס די מעדער וויט יו? איך האָב דאָך קיין קרייד ניט גענומען.

— האָוו, האָוו! — איז לאַבזיק נאָך מערער אין קאָס.

— וואָס טאָקע האָווקעט ער אָף גודין? — וואונדערט זיך עסטער.

— איט'ס דזשאָסט פּאָר פאָן — מאַכט סילוויע.

— האָוו, האָוו! — האָווקעט ער אויך אָף סילוויען.

— איי קענט מייק הים אוט, — זאָגט פּעני.

— האָוו, האָוו! — האָווקעט ער אויך אָף פּענין.

— וואָס איז דאָס פּאַר אַ האָווקעריי? — וואונדערט זיך די לערערן, ווען זי איז אין אַ פּאָר מינוט אַרום אַריינגעקומען צוריק אין קלאַס.

— מיר ווייסן ניט, פאַרוואָס ער האָווקעט, — מאַכט סיידי.

— אָבער עפּעס איז מיסטאָמע געשען? — לאָזט די לערערן ניט אָפּ די גאַנצע מייסע. — האָט איר געשלעפּט קרייד?

— ניין, — ענטפערן די קינדער.

— האָט איר געמאַכט טומל?

— ניין.

— וואָס זשע דען?

— איך ווייס. איי טהינק הי גאָט קרייזי, דהעט לאַבזיק, — מיינט עסטער.

— האָוו, האָוו, און האָוו האָוו! — שפּרינגט ער עסטערן גלייך אַנטקעגן פּאַנעם. — האָוו, האָוו!

— אַ, אַ, — ווייסט שוין ריפּקעלע. — ס'איז דערפאַר, וואָס מען רעדט ענגליש אין קלאַס.

— ריכטיק, ריכטיק, — מאַכט די לערערן. — עסטער, איך שטעל דיר אַ מינוס.

ווי באַלד די לערערן האָט צוגעשטעלט אַ מינוס לעבן עסטערס נאָמען, אַזוי איז לאַבזיק טייקעף שטיל געוואָרן, זיך צוריקגעקערט צו

אבער ניט דאָס וויל איך אייך דערציילן. איך וויל אייך דערציילן וועגן רעדן אידיש אין קלאַס. די לערערן קאָן ניט פאַרליידן, אַז מען רעדט ענגליש אין קלאַס.

— ס'איז דאָך אַ אידישע שול — טייַנעט זי — אייערע טאַטעס און מאַמעס ווילן דאָך, אַז איר זאָלט זיך אויסלערנען רעדן אידיש. וואָס־זשע איז דאָס פאַר אַן ענגליש רעדן אין קלאַס, וואָס? קאַרג רעדט איר ענגליש אין גאַס, אַ? פון היינט און ווייטער מאַכן מיר אַזוי, אַז ווער עס רעדט אויס אַן ענגליש וואָרט, ווערט באַשטראָפט מיט אַ שלעכטן צייכן — אַ מינוס. אָט הענג איך אויף אַ צעטל אויף דער וואַנט מיט יעדנס נאָמען. רעדט מען אויס אַן ענגליש וואָרט, שטעל איך גלייך אַ מינוס לעבן יענעמס נאָמען.

— נו, און לאַבזיק? — פרעגט עסטער מיטן קליינעם נעזל.

— יאָ, טאַקע, און לאַבזיק? כאַ, כאַ, כאַ — ווערט אַ טומל.

— לאַבזיק פאַרשטייט סיי ווי סיי ניט קיין ענגליש — רופט זיך אָן ריפקע. — מיר רעדן צו לאַבזיקן בלויז אין אידיש.

— וואָס דאַרפט איר זיך זאָרגן וועגן לאַבזיקן? — זאָגט די לערערן. — ער וועט שוין זיין שטעטל אליין באַשטיין. איז הייסט דאָס, אָפּגעמאַכט?

— אָפּגעמאַכט! — רופן זיך אָן אַלע קינדער.

— הויבט אויף יעדער איינער זיין האַנט און זאָגט צו.

הויבן אויף די קינדער יעדער איינער זיין האַנט און זאָגן צו:

— פון היינט און ווייטער, רעדן מיר אין קלאַס בלויז אין אידיש.

לאַבזיק קוקט זיך צו צו דער גאַנצער מייסע, און פאַרשטייט קיין וואָרט ניט. אָבער ער וועט שוין אויסגעפינען, וואָס מען האָט אָפּגעמאַכט. איר מעגט זיך שוין אויף לאַבזיקן פאַרלאָזן.

הויבן אויף די קינדער יעדער איינער זיין האַנט און זאָגן צו.

גייען אַוועק עטלעכע טעג. זעט לאַבזיק ווי אַלעמאָל שטעלט די לערערן אָפּ אַן אַנדער קינד און זאָגט:

— עסטער, האָסט געזאָגט אַן ענגליש וואָרט — מינוס. — און שרייבט צו גלייך אַ מינוס לעבן איר נאָמען.

— גודי, ווידער אַן ענגליש וואָרט.

— בעני, דו אויך?

— אויף דיר, ריפקעלע, וואָלט איך זיך שוין גאָרניט געגלויבט.

היטן זיך די קינדער און פרובירן צו רעדן בלויז אידיש. אָבער

# לאַבזיק לערנט אידיש


**אַבזיק** האָט זייער ליב צו גיין אין שול. ניט אין דער ענגלישער שול, נאָר אין דער אידישער שול. ער קומט אַלע טאָג מיט ריפּקעלען. לייגט זיך אַנידער אונטערן טישל, און קוקט פון דאָרטן אַרויס צו די קינדער, וואָס זיצן זיך אַף די בענקלעך און טוען זייער אַרבעט. זיין קוקן אַף די קינדער איז ניט גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין. דאָס העלפט ער אַרויס דער לערערן האַלטן אָרדענונג אין קלאַס. גיט די לערערן אַ פּאַטש אין טיש און זאָגט: „קינדער, שטיל זאָל זיין." גיט לאַבזיק באַלד אַ מאַך:

— האַוו, האַוו.

דאָס הייסט, אַז ער וויל אויך, אַז ס'זאָל זיין שטיל.

בייזערט זיך די לערערן אַף עסטערן און שרייט:

— עסטער, וויפיל מאָל האָב איך דיר געזאָגט, אַז מען דאַרף צו־גרייטן היים־אַרבעט?

— האַוו, האַוו, — בייזערט זיך דעמאָלט אויך לאַבזיק, האַלמאַי זי פאַרגעסט די היים־אַרבעט.

איר ווייסט דאָך, אַז קינדער אין אַן אידישער שול האָבן ליב צוצעשלעפּן דאָס קרייד. די לערערן איז ניט צופרידן, וואָס די קינדער האָבן ליב צוצעשלעפּן דאָס קרייד. ערשטנס, קאָסט דאָס געלט. צווייטנס, וואָס עפּעס אַ שלעפּעניש? פון זינט אָבער לאַבזיק האָט זיך אָנגעהויבן לערנען אין דער שול שלעפּט מען שוין ניט קיין קרייד. ער גיט שוין גוט אַכטונג, באַזונדערס אַף גודין. גודי האָט אַ טעווע, אַז ווי באַלד ער דערזעט נאָר אַ שטיקל קרייד, אַזוי כאַפּט ער דאָס גלייך אַוועק. האָט זיך לאַבזיק דערוואוסט פון זיין טעווע, און גודי קאָן שוין מערער ניט שלעפּן קיין קרייד. אַנו, זאָל ער יאָ שלעפּן, וועט לאַבזיק אָנהייבן צו שפּרינגען קעגן אים, האַווקען, שטשירען די ציינדלעך, און גודי נעבעך מוז שוין אַרויסנעמען צוריק דאָס צוגע־שלעפּטע שטיקל קרייד פון דער קעשענע און דאָס אַנידערלייגן אַף דעם פריערדיקן פּלאַץ.

אין שטוב, ווי אַ פּרעמדער. ער האָט אַזש געוואָלט וויינען פון פאַר־דרוס. גוט כאַטש, וואָס אין אָוונט, ווען קיינער איז ניט געווען אין דער היים, האָט אים ריפקעלע גענומען אַף די הענט, געגלעט און געזאָגט:

— אוי, שלימאַזל מיינער, וואָס וועל איך טאָן מיט דיר, אַז דו ביזט אַזוי נאַריש.

אָבער לאַבזיקן האָט שוין ניט געאַרט, וואָס מען רופט אים שלימאַזל, אַבי זי גלעט אים, אָט די ריפקעלע. איז אים שוין געוואָרן אַ ביסל בעסער. ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און אַנטשלאָפן געוואָרן.



דאָס מאָל האָט זיך שוין היימי אויסגעשנייצט די נאָז גאַנצע צוויי מאָל און אַ צעוויג געטאָן זיין קערפּער און אַ שליידער געטאָן דעם באַל צו נויעכן מיט אַלע קויכעס. אָבער איידער וואָס ווען — אַ טראַך מיטן שטעקן. דער באַל פליט ביזן הימל און לעמפּאַסט מיט די לאַנגע ראַגלאַאים יאָגט זיך, ווי אַ וויכער. דערווייל לויפט דער פּראָספּעקטער, וואָס באַם ערשטן ביים, פאַרכאַפּן דעם צווייטן ביים; דער פּראָס־פּעקטער וואָס באַם צווייטן ביים לויפט פאַרכאַפּן דעם דריטן ביים, און דער פּראָספּעקטער וואָס באַם דריטן ביים לויפט שוין גלייך צום פּלאַץ, וואו דער „קעטשער" שטייט — „אהיים", הייסט עס.

— כאַפּ דעם „פלאַי", כאַפּ דעם „פלאַי"! — שרייט היימי מיט אַלע קויכעס צו מוליקן.

דער באַל פליט פון הימל גלייך אַף מוליקן. מוליק שטייט מיט אויסגעשטרעקטע הענט, מיט גרויסע אויגן, מיט אַ בלאַס פּאָנעם און איז שוין גרייט כאַפּן דעם „פלאַי". וואָלט ער געכאַפּט דעם „פלאַי", וואָלט שוין געווען אַז אָך און וויי צו די פּראָספּעקטער.

— כאַפּ דעם „פלאַי", כאַפּ דעם „פלאַי"! — שרייען אַלע דזשעק־סאָנער.

און לאַבזיק? לאַבזיק איז שוין ניטאָ. אַף איין מינוט בלויז האָט ריפּקעלע אַרויסגעלאָזט דאָס שטריקעלע פון די הענט און ער איז שוין ניטאָ. ער יאָגט זיך גלייך צו מוליקן, וואָס שטייט מיט אויסגע־שטרעקטע הענט, און אָט־אָט כאַפּט ער שוין דעם באַל. אָבער איידער וואָס ווען, גיט לאַבזיק אַ שפּרונג אין דער לופטן, גיט אַ כאַפּ דעם באַל אין די ציין מיט גרוים געדולע. דער באַל איז אַ ביסל געווען האַרטלעך, אָבער ס'האָט ניט אויסגעמאַכט פאַר לאַבזיקן. מיטן באַל אין די ציין האָט ער זיך געלאָזט לויפן גלייך צו בערל דעם אָפּערייטאָר. דאָס האָט ער בערלען געוואָלט געבן דעם באַל אַלס אַ מאַטאָנע.

— בו, בו, בו, — שרייען אַלע אַף אים, סיי די דזשעקסאָנער און סיי די פּראָספּעקטער. — בו, בו.

מאָלט אייך, יענעם אָוונט, נאָכדעם ווי די דזשעקסאָנער האָבן פאַרשפּילט, האָט מוליק געוואָלט אַ סאַך שלעכטס טאָן דעם לאַבזיקן. ער האָט אים פיינט געהאַט, ווי מען האָט פיינט אַ מיעסע זאַך. אַלע אין שטוב האָבן אים פיינט געהאַט, אַפילו בערל דער אָפּערייטאָר און די מאַמע מאַלי האָבן אויך ניט געוואָלט קוקן אַף אים. מען האָט גאָר אינגאַנצן ניט געוואָלט רעדן צו אים. לאַבזיק האָט זיך אַרומגעדריים

— היימי, היימי, — שרייען אַלע דזשעקסאָנער. — היימי, דער־לאַנג! היימי, באַגראַב!

היימי שנייצט זיך אַלע מאָל די נאָז, אָבער עס העלפֿט ניט. אַ וואונדערבאַרער „פּיטשער" דער פּראָספּעקטער. מען קאָן שוין גאָר ניט טאָן קעגן אים.

היימי האָט גאָרניט אויפגעטאָן און קיינער פון די איבעריקע דזשעקסאָנער האָט גאָרניט אויפגעטאָן, און אַזוי האָט זיך געענדיקט דער צווייטער „אינינג" מיט גאָרניט קעגן גאָרניט.

הייבט זיך אָן דער דריטער „אינינג". היימי דער געלער איז ווידער אַמאָל דער „פּיטשער", נויעך דער שוואַרצער—דער „קעטשער", אַרעלע פאַרנעמט דעם ערשטן „בייס", בעני — דעם צווייטן „בייס", פּעט—דעם דריטן „בייס", סעמי—דער לינקער „אַוט-פילדער", זוני—דער רעכטער „אַוט-פילדער", מוליק—דער צענטער „אַוט-פילדער".

עס הייבט זיך ווידער אָן די שפּיל מיט אַזוינע געשרייען און געפילדערייען. די טאַטעס, מאַמעס, קינדער פון דזשעקסאָן עווועניו שרייען:

— היימי, מאַך זיי אויס! מאַך זיי אויס!

— בו, בו, — שרייען די מענטשן פון פּראָספּעקט עווועניו.

היימי נעבעך שוויצט, און האָט שוין פאַרגעסן זיך צו שנייצן די נאָז און די פּראָספּעקטער שלאָגן איינער נאָכן אַנדערן. אַ פּראָספּעקטער האָט שוין פאַרנומען דעם ערשטן „בייס", אַ צווייטער פּראָספּעקטער האָט שוין פאַרנומען דעם צווייטן „בייס", אַ דריטער — דעם דריטן אויך. די פּראָספּעקטער גיבן אַ שלאָג דעם באַל, גיבן אַ וואַרף דעם שטעקן צו דער ערד, גיבן זיך אַ צעיאָג, און אידער היימי כאַפּט דעם באַל און וואַרפט אים צו אַרעלען, האָט שוין דער פּראָספּעקטער צו־געיאָגט און אַנגערירט דעם „בייס", און גיי טו עפּעס.

ס'איז שלעכט. ס'איז ביטער. אָט קומט צו מיטן בייס-באַל שטעקן „לעמפּאָסט". אַזוי האָט מען אים גערופן אין פּראָספּעקט עווועניו, ווייל ער איז געווען אַזוי הויך, ווי אַ סלופּ אַף וועלכן ס'הענגט אַ גאַסן-לאָמפּ. איז די דזשעקסאָנער געוואָרן פינצטער אין די אויגן. זיי האָבן שוין געוואוסט, אַז ער וועט זיי מאַכן אַ „האָום-ראָן".

— בו, בו, לעמפּאָסט! — שרייט דזשעקסאָן עווועניו.

— גוטער לעמפּאָסט, פיינער לעמפּאָסט! — שרייט פּראָספּעקט עווועניו.

שפּילן ביים-באַל. אַז עמיצער פון די פּראָספּעקטער האָט געשלאָגן דעם באַל, האָט ער זיך אַזוי שטאַרק צעהאַווקעט, אַז אַלע אַרום האָבן געשריען: — שטילער, דו לאַבזיק, לאָז קוקן.

באַ דעם ערשטן „אינינג" האָבן די פּראָספּעקטער גאָרנישט אויפגעטאָן. טאַקע גאָרנישט. באַ דעם צווייטן „אינינג" האָבן די דזשעקסאָנער געדאַרפט שלאָגן דעם באַל, אָבער די פּראָספּעקטער האָבן אויך געהאַט דעם ריכטיקן „פּיטשער". יענער איז אַפילע געווען אַ בעסערער „פּיטשער", ווי היימי דער געלער. מוליק האָט אַפילע ניט געקאָנט טרעפן דעם באַל קיין איין מאָל. דער פּראָספּעקטער „פּיטשער" שליידערט דעם באַל מיט אַלע קויכעס, און איידער מוליק האָט צייט אַפילע זיך אַ וויג צו טאָן און דער פּראָספּעקטער „קעטשער" מיט דער דראָטענער מאַסקע אַפן פּאָנעם האַלט שוין דעם באַל אין זיינע הענט.

— באַל איינס, — שרייט דער „אַמפּייער".

— ש[illegible], דעם באַל, — שרייט ריפקעלע מיט אַלע קויכעס.

— [illegible]ג, זון, מוליק, — שרייט די מאַמע מאַלי און מאַכט מיט די הענט.

— דערלאַנג, מוליק, — שרייט דער טאַטע בערל און פאַרכאַפּט זיך טייקעף, אַז ער טאָר ניט שרייען.

— סטרייק איינס, — שרייט דער „אַמפּייר".

לאַבזיקן גייט אַזש אוים דאָס כיעס, אַזוי שטאַרק וויל ער אויך שפּילן באַל. אָבער ריפקעלע האַלט אים שטאַרק צו. זי ווייסט שוין, אַז מען דאַרף אים ניט אַרויסלאָזן פון די הענט.

— סטרייק צוויי, — שרייט דער „אַמפּייר".

— מוליק שלאָג, מוליק באַגראָב, מוליק דערלאַנג אַזוי, אַז דער באַל זאָל אַזש פאַרפליען, וואו דער שוואַרצער פּעפּער וואַקסט.

מוליק קאָן אָבער ניט שלאָגן. דער פּראָספּעקטער „פּיטשער" איז שוין איינמאָל אַ „פּיטשער", גיך ווי אַ בליץ גיט ער אַ שליידער דעם באַל, און איידער וואָס ווען:

— סטרייק דריי, — שרייט שוין דער „אַמפּייער" און ציינט דריי פינגער.

וואַרפט מוליק אַוועק דעם ביים-באַל שטעקן און גייט אָפּ אַ פאַרשעמטער. די מענטשן פון פּראָספּעקט עוועניו פרייען זיך און קלאַפּן בראַוואָ. די מענטשן פון דזשעקסאָן עוועניו זיינען טרויעריק.

איז בערל געווען זייער צופרידן, וואָס זיין ווייב מאַלי האָט געזאָגט, אַז ער איז גערעכט.

דערפאַר אָבער, אַז די דזשעקסאָנער האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איבערן פעלד, איז געוואָרן אַזאַ פּאַטשעריי, פּונקט ווי ס'וואָלט געדונערט. דאָס האָט מען געקלאַפּט בראַוואָ, ניט אַזוי די דזשעקסאָנער ביים-באַל שפּילער, ווי לאַביזיקן.

ריפקעלע האָט געפּירט לאַביזיקן באַ אַ שטריקל. אויסגעפּוצט איז געווען דאָס הינטעלע אין גאָלע רויטן. אָבער דאָס רויטע איז נאָך גאָרניט. די גלעקלעך, דאָס איז געווען דער איקער. אָפּן האַלדז האָט מען אים אָנגעהאַנגען אַ שנירל מיט אַ סאַך קליינע גלעקלעך, און זיי האָבן געקלונגען זייער שיין.

בערל דער אָפּערייטאָר האָט זיך אַזוי שטאַרק צעקלאַפּט, ווען ער האָט דערזען לאַביזיקן, אַז די מאַמע מאַלי האָט אים געמוזט אַ צופּ טאָן באַם אַרבל און זאָגן:

— בערל, קלאַפּ ניט אַזוי שטאַרק קיין בראַוואָ, ווייל מענטשן וועלן זאָגן, אַז דו האָסט די דזשעקסאָנער בעסער ליב, ווי די פּראָספּעקטער.

— זע נאָר, מאַלי, ביסט טאַקע גערעכט, — האָט בערל גלייך אויפגעהערט צו קלאַפּן אַזוי שטאַרק בראַוואָ.

איז די מאַמע מאַלי געווען זייער שטאַרק צופרידן, וואָס איר מאַן בערל האָט געזאָגט, אַז זי איז גערעכט.

האָקלאָל, די שפּיל האָט זיך אָנגעהויבן. בערלען אַלס קאַנדידאַט פאַר קאָנגרעסמאַן האָט מען אָנגעטאָן דעם גרויסן קאָוועד, און אים געלאָזט וואַרפן דעם ערשטן באָל. האָט בערל זייער שטאָלץ אַ וואָרף געטאָן דעם באָל און ס'איז ווידער געוואָרן אַ גרויס פּאַטשעריי און מען האָט געשריען: זאָל לעבן בערל דער אָפּערייטאָר, אונדזער נעקסטער קאָנגרעסמאַן פון די בראָנקס.

היימי דער געלער איז געווען דער „פּיטשער" און נויעך דער שוואַרצער איז געווען דער „קעטשער". האָט היימי דער געלער אַלע מאָל זיך געהאַלטן אין איין שנייצן די נאָז און געשליידערט דעם באָל מיט אַזאַ קראַפט צו נויעכן, אַז די פּראָספּעקטער האָבן שוין גאָרניט געקענט אויפטאָן.

לאַביזיקן האָט ריפקעלע שטאַרק צוגעהאַלטן באַם שטריקעלע, ווייל לאַביזיק, פאַרשטייט איר מיך, האָט שוין ניט געקאָנט איינזיצן. ער האָט זיך געהאַלטן אין איין רייסן צום פעלד. ער האָט אויך געוואָלט

# לאַבזיק שפּילט ביים־באַל



ביים־באַל שפּיל צווישן די פּראָספּעקט עוועניו אינגלעך און דזשעקסאָן עוועניו אינגלעך איז פאָרגעקומען אין קראָטאָנאַ פּאַרק. גאַנץ בראָנקס איז זיך צונויפגעקומען זען די דאָזיקע אינטערעסאַנטע שפּיל. ניט נאָר קינדער, נאָר אַפילו טאַטעס און מאַמעס זיינען געקומען. אַ סאַך זיינען געזעסן אַף די בענק, אַ סאַך האָבן זיך צעזעצט אַפן גראָז, מען האָט געבראַכט מיט זיך סענדוויטשעס און פלעשלעך ביר, פּופּקעלעך און לעבערלעך, און שטיקלעך הון, און ס'איז שוין געווען אַן עמעסער פּיקניק.

די פּראָספּעקט עוועניו שפּילער האָבן געהאַט אַ ציג. וואו זיי האָבן דערטאַפּט די ציג ווייסט מען ניט. האָבן זיי איר אָנגעטאָן אַ מיצל פון גרינעם פּאַפּיר אַפן קאָפּ און אַפן מיצל איז געווען אָנגעשריבן: „פּראָספּעקט עוועניו ביים־באַל טים, די בעסטע שפּילער אַף דער וועלט. קיינער קאָן באַ אונדז ניט געווינען."

אַז די שפּיל האָט זיך געדאַרפט אָנהייבן, האָט מען די דאָזיקע ציג מיטן גרינעם מיצל דורכגעפירט איבערן פעלד מיט גרויס פּאַראַד. צום אַלעם ערשטן איז געגאַנגען אַ קליין אינגעלע און האָט געפירט די ציג באַ אַ שטריקל. נאָך זיי זיינען געגאַנגען די שטאָלצע פּראָספּעקטער ביים־באַל שפּילער מיט פּאַריסענע קעפּ און דער גאַנצער עולעם האָט געקלאַפּט: בראַוואָ, בראַוואָ.

בערל דער אָפּערייטאָר האָט אויך געקלאַפּט בראַוואָ, האָט אים די מאַמע מאַלי אַ צופּ געטאָן באַם אָרבל און זיך אָנגערופן:

— בערל, וואָס טוסטו? וואָס קלאַפּסטו בראַוואָ? דאָס זיינען דאָך די פּראָספּעקטער, ניט אונדזערע, די דזשעקסאָנער.

— אַ קאַנדידאַט פאַר קאָנגרעסמאַן דאַרף אַלעמען קלאַפּן בראַוואָ,

— האָט בערל דער אָפּערייטאָר געענטפערט מיט פיל קלוגשאַפט.

(בערל איז דעמאָלט געלאָפן פאַר קאָנגרעסמאַן פון די בראָנקס.)

— זע נאָר, ביזט טאַקע גערעכט, — האָט די מאַמע מאַלי גע־ענטפערט.

טויזנטער טריט. פייקלעך קלאַפּן אויך דאָרטן: טראַם־טאַ־טאַם, טראַם־טאַ־טאַם. אַלע בלייבן שטיל, שטיל. עס באַווייזן זיך די ערשטע רייען פון די, וועמענס טריט מען האָט געהערט. דאָס זיינען געווען קינדער. די קינדער פון דער בראָנקס. זייער אַ סאַך קינדער. מיידלעך און אינגלעך. היימי דער גלעזער איז זייער פירער. ער שפּאַנט פאָרויס מיט אַ גרויסן פּלאַקאַט. אויף דעם פּלאַקאַט איז אָנגעשריבן: „אַלע קינדער פון די בראָנקסער שולן סטרייקן ביז מען וועט ניט באַפרייען מוליקן און ריפקען."

— מיר אויך, מיר אויך! — שרייען די קינדער פון דאַון־טאַון.

פּאָליציי קומט צולויפן אויף פערד, צופוסנס, אין די אַטאָמאָבילן. די פרינציפּאַלס פון די שולן קומען אויך צולויפן. דער גרויסער געשריי פון די קינדער הערט זיך ווייט ווייט איבער אַלע הויכע הייזער:

— באַפרייט מוליקן! באַפרייט ריפקעלען! באַפרייט, באַפרייט. באַלד, שוין.

דאָ בא דעם פּלאַץ הייבן מיר שוין ווידער אָן אויסצופעלן ווערטער, וואָס זאָלן אייך באַשרייבן, וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן אַרום קינדער־הויז יענעם פרימאָרגן. די פענצטער פון אַלע אַרומיקע הייזער האָבן געציטערט, די ווענט האָבן געברומט. און פאַרן קינדער־געריכט — טויזנטער קעפּ, פאַריסענע קעפּ, פאַריסן אַרויפצוצו, וואו ריפקע און מוליק זיינען געלעגן פאַרשפּאַרט.

לאַבזיק אָבער האָט שוין געהאַלטן באַם אויסגיין. ער האָט שוין די אייגעלעך איינגאַנצן געהאַלטן פאַרמאַכט. אָט, אָטאָ, און מיר וואַלטן שוין מערער ניט געהאַט קיין לאַבזיק. אָבער ווי מיטאָמאָל, עס עפענען זיך ברייט די טירן פון קינדער־הויז און מיסעס בראַון שטופּט אַרויס ריפקען און מוליקן.

— הור־ר־ר־אַ! הור־ר־ר־אַ! — האָט אָנגעהויבן צו דונערן.

דער הוראַ האָט זיך אַזש דערטראָגן ביז צום טייך האָדסאָן. מענטשן אין ווייטע גאַסן האָבן ניט געקאָנט פאַרשטיין פונוואַנעט דער הור־ר־ר־אַ נעמט זיך.

— הו־ר־ר־אַ און הו־ר־ר־ר־אַ!

לאַבזיק איז געראַטעוועט. לאַבזיק לעקט ריפקעלעס הענט. שוואַך לעקט ער, ווייל ער האָט קיין קויעך ניט שטאַרקער צו לעקן. אָבער ער וועט שוין אינגיכן האָבן קויעך.

הו־ר־ר־ר־אַ!




הונדערטער פרויען און מענער האָבן באַלאַגערט די גאַס. עפּעס אַ גוט־האַרציקער דאָקטאָר איז געקומען און געטאַפּט לאַבזיקן באַם פּולס. דער דאָקטאָר האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איינער זאָגט: ס׳האַלט שוין זייער שמאָל. די מיידעלע האָט זיך צעוויינט. אַנדערע מיידעלעך האָבן זיך אויך צעוויינט. און דאָ פּלוצלונג דערהערן זיך טריט פונדערווייטנס. טויזנטער טריט. מען דרייט אוים די פּענימער, אָבער מען זעט נאָך קיינעם נים, נאָר מען הערט דעם גערויש פון די

מאַמעס און קינדער אַרויס די קעפּ פון די פענצטער.

— שנעלער! — שרייט מיט די לעצטע קויכעס דאָס מיידעלע האָופּ. — שנעלער, זיי ווילן האַרגענען לאַבזיקן.

הייבן זיך אָן עפּענען טירן שנעל, שנעל. הייבן אָן פליען קינדער אין די נאַכט־קליידער. ווערט די גאַס פולער און פולער.

די צוויי מענער זיינען אַנטלאָפן. די קינדער האָבן אַרומגערינגלט לאַבזיקן. און דאָס מיידעלע האָט דערציילט:

— ווי אַזוי זי האָט ניט געקענט שלאָפן, ווי זי האָט אַרויסגעקוקט אַלעמאָל דורכן פענצטער, ווי אַזוי זי האָט דערזען די צוויי מענער שטיין לעבן הינטעלע.

האָבן די קינדער שוין פאַרשטאַנען, אַז מען וועט לאָזן לאַבזיקן אַליין, וועט ווערן אוים לאַבזיק, מען וועט אים דערשטיקן אָדער דער־שיסן, אָדער דערשטעכן. און דאָ שרייען די מאַמעס:

— שלאָפן, שלאָפן, ס'ווערט שוין באַלד טאָג.

אָבער זייער ווייניק קינדער זיינען געגאַנגען צוריק זיך לייגן שלאָפן. די מערסטע זיינען געבליבן מיט לאַבזיקן. מען האָט צעלייגט אַ פייער ניט ווייט פון אים, קעדיי ס'זאָל אים זיין וואַרעמער. די מיידעלע האָופּ האָט אים געגלעט: עפּשער אַז זי וועט אים גלעטן, וועט ער אַ ביסעלע איינשלאָפן.

דאָ דערוייל, האָבן די צייטונגען פון דער שטאָט ניו יאָרק זיך דערוואוסט וועגן דער געשיכטע. און איר ווייסט דאָך, אַז די צייטונגען האָבן ליב צו מאַכן אַ טומל פון אַזוינע זאַכן, קעדיי מענטשן זאָלן קויפן אַ סאַך צייטונגען. האָבן זיי געשיקט רעפּאָרטערס מיט בליי־שטיפטלעך, מענטשן מיט קאַמערעס. די רעפּאָרטערס זיינען געקומען צולויפן אין די צענדליקער, פאָטאָגראַפירט לאַבזיקן, פאָטאָגראַפירט די מיידעלע האָופּ, די קינדער, די גאַס, דאָס קינדער־הויז. זיי האָבן אַפילו פאָטאָגראַפירט די צעשראָקענע מיסעס בראַון. אַז די נאַכט איז אַוועק און ס'איז געוואָרן ליכטיק, זיינען שוין אַלע צייטונגען אין שטאָט אַרויס מיט די נייעס:

„שוין דעם דריטן טאָג, וואָס אַ הינטעלע וואָס הייסט „לאַבזיק" ליגט אויף דער גאַס און וויל ניט עסן. די קינדער פון דער גאַס לאָזן דאָס ניט דערהאַרגענען."

האָבן זיך אָנגעהויבן ציען מענטשן צו דעם פּלאַץ, אַ קוק טאָן אויפן מאָדנעם הינטעלע, וואָס וויל שוין ניט עסן דעם דריטן טאָג.

# לאַבזיק האָלט באַם שטאַרבן



ף דער זעלבער גאַס האָט געוואוינט אַ מיידעלע, וואָס האָט געהייסן „האָופּ“, דאָס הייסט אַף אידיש „האָפענונג“. דעם נאָמען האָבן איר טאַטע און מאַמע געגעבן. אירע עלטערן זיינען געווען גרויסע אָרעמעלייט. דער פאָטער איז געווען אַ דזשעניטאָר אין איינעם פון די הייזער. ער און זיין ווייב האָבן אומיסטנע איר אַ נאָמען געגעבן „האָופּ“, ווייל זיי האָבן געוואָלט האָפן, אַז מיט דער געבוירענער טאָכטער וועט זיי ווערן בעסער און ער וועט ווערן אויס דזשעניטאָר.

די מיידעלע איז געווען אינגאַנצן אַ ליכטיקע: ליכטיקע האָר, ליכטיקע אויגן, אַ ליכטיק פּאָנעם און אַ ליכטיק קאָל. איר האָט שוין אַמאָל געהערט וועגן אַ ליכטיק קאָל? איך יאָ. אַ ליכטיק קאָל מיינט, ווען מען רעדט זיינען די ווערטער אַזוי קלאָר און שיין, פּונקט ווי מען וואָלט געשפּילט אַף אַ פּיאַנע.

איז די דאָזיקע מיידעלע אויך געגאַנגען שלאָפן, פּונקט ווי אַלע. זיך געלייגט אין בעט, וואָס אין קעלער. (אַ דזשעניטאָר אין ניו יאָרק וואוינט אין אונטערשטן הויז, וואָס איז אַזוי גוט, ווי אַ קעלער.) האָט זיך די דאָזיקע „האָופּ“ געלייגט אין בעט, אָבער איינשלאָפן האָט זי ניט געקענט. אַזוי האָט איר ווי געטאָן דאָס האַרץ אַף ריפּקעלען און מוליקן, וואָס זיצן פאַרשפּאַרט, און אַף דעם אָרעמען הינטעלע. אַלעמאָל איז זי אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, צו צום פענצטער, אַרויסקוקן אין גאַס און זען, וואָס ס'הערט זיך.

איז אַרום צוועלף אַזייגער — לאַבזיק ליגט נאָך אַלץ, ווי פריער, און ציטערט. אַרום איינס אַזייגער — דאָס זעלבע. אַרום צוויי אַזייגער — דאָס מיידעלע ווערט פאַרציטערט. ס'הויבט איר אָן קלאַפּן דאָס האַרץ גיך, גיך. וואָס איז געשען? זי האָט געזען, ווי ביידע וועכטער פון קינדער־הויז שטייען לעבן הינטעלע און שושקען זיך. האָט זי שוין פאַרשטאַנען, אַז דאָס האָבן זיי שוין פאַרטראַכט אַ שלעכטע זאַך וועגן לאַבזיקן. טוט זי שנעל אָן אירע קליידער, לויפט אַרויס אין גאַס און גיט אַ מוירעדיקן קוויטש איבער דעם גאַנצן בלאָק.

— וואָס איז געשען? וואָס איז געשען? — שטעקן טאַטעס,

אבער יענעם פאַרנאַכט האָבן זיי זיך שוין ניט געשפּילט. געשטאַנען אַרום דעם הינטעלע און געהיט זיין יעדן מאַך מיטן אויערל, זיין יעדן זיפץ.

זייערע עלטערן זיינען אויך צוגעקומען, אַ קוק טאָן, וואָס אַזוינס האָבן די קינדער דערזען, וואָס זיי שטייען דאָרטן אַלע. מענטשן פאַרבייגייער האָבן זיך אויך אָפּגעשטעלט. ס׳איז געוואָרן אַ גרויסער אוילעם. לאַבזיק קוקט אַפילו אָף קיינעם ניט. ליגט זיך אַזאַ טרויעריקער און וויינט מיטן בייכעלע.

דערווייל ווערט שפּעט אין דער נאַכט. די מאַמעס שרייען פון אַלע פענצטער און טירן נאָך זייערע קינדער, אַז זיי זאָלן שוין גיין שלאָפן, ווייל ס׳איז שוין שפּעט. אָבער ווי קענען די קינדער גיין שלאָפן, אַז לאַבזיק קען נאָך אַזוי אַוועקשטאַרבן. די קינדער האָבן שוין געוואוסט, פאַרוואָס לאַבזיק ליגט אַזאַ פאַרבענקטער. היימי דער געלער איז געקומען פון די בראָנקס און האָט אַלצדינג דערציילט די קינדער פון דאַון־טאַון. (דאָס קינדער־הויז געפינט זיך דאַון־טאַון.)

אָבער שלאָפן מוז מען גיין. לאָזן זיי זיך אין די היימען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און טרויעריקע הערצער. עפענען זיך טירן, פאַר־מאַכן זיך טירן. עפענען זיך פענצטער, פאַרמאַכן זיך פענצטער. שלאָפט איין די גאַס, שלאָפן איין אַלע מענטשן. שלאָפט בלויז איינער ניט. שלאָפט בלויז ניט לאַבזיק. ליגט אָף די שטיינער און ציטערט. פון הונגער איז אים געוואָרן זייער קאַלט. ציטערט אים ס׳בייכעלע, ציטערן די פיסלעך, ציטערן די אויגעלעך, ציטערט דאָס ווייַדעלע.



שטיקל סענדוויטש מיט קעז און רירט זיך ניט צו. ניין, ער קען ניט עסן, ווייל ווי קען ער עסן, אז ער בענקט אזוי שטארק נאך ריפקעלען. מאכט שוין א דריטער אינגל:

— יא, דאס וואס ער וויל ניט עסן, איז טאקע א סימען, אז ער איז זייער קראנק. ווייל א געזונטער הונט, וואס מען זאל אים ניט געבן, עסט ער.




אבער לאנג שטיין און קוקן אפן הינטעלע, האבן די קינדער ניט געהאט קיין צייט, ווייל זיי האבן געדארפט אוועקגיין אין שול. זיינען זיי טאקע אוועקגעגאנגען. איז געבליבן לאבזיק אף די שטיינער מיטן קעפל איינגעגנוריעט אין די צוויי פעדערשטע לאפקעלעך און געוואיעט אין דער שטיל:

— אי, אי, אי.

געוויינלעך, אז ס'קומט דער פארנאכט, און ווער שמועסט נאך א ווארעמער פרילינג פארנאכט, שפילן זיך די קינדער אף דער גאס.

ווידער דער וועכטער, און ניט אזוי דער וועכטער, ווי דער גראבער שטעקן.

— איי, דו „רויטער“! — מאכט צו אים דער וועכטער. — דו וועסט שוין בא מיר ניט אריין.

אף דערויף ענטפערט אים לאביק מיט א בייזן האווקע. געפעלט דעם וועכטער, וואס לאביק האווקעט אף אים. רייצט ער זיך מיט אים ווייטער, פאכעט אין דער לופטן מיטן שטעקן, בויגט זיך אן אלע־מאל צו דער ערד, אקוראט ווי ער וואלט געוואלט אויפהייבן א שטיין און ווארפן אף אים. האווקעט לאביק אף אים נאך בייזער, און באם וועכטער טרייסלט זיך אזש דער בויך פון געלעכטער:

— כא, כא, כא.

שפעט אין דער נאכט קומט א צווייטער וועכטער אים צו פאר־בייטן. קוקט אים לאביק אן און טראכט, אז עפשער איז דער צווייטער וועכטער א ביסל לייטישער פון ערשטן, און מען וועט זיך עפשער קאנען דורכשמוגלען. קוקט ער אים אבער אן און זעט שוין, אז ניין, נאך אן ערגערער, דער היטלערוק, ווי דער ערשטער. לייגט זיך לאביק אף די קאלטע שטיינער, פארנוריעט זיין קעפל צווישן די פעדערשטע פיסלעך און וויינט:

— אי, אי, אי.

גייט אוועק די נאכט און ס׳ווערט ליכטיק. קומט צוריק דער ערשטער וועכטער צו פארבייטן דעם צווייטן, און לאביק ליגט נאך אלץ פארנוריעט מיטן קעפל צווישן זיינע צוויי פעדערשטע לאפקעס און קלאגט:

— אי, אי, אי,

גייען דורך מענטשן, שטעלן זיך אפ, קוקן און וואונדערן זיך, וואס א הינטל ליגט אזוי מאדנע אף די שטיינער. אבער לאנג שטיין און קוקן, האבן זיי קיין צייט ניט. גייען זיי אוועק.

גייען די קינדער פון דער דאזיקער גאס אין שול אריין. שטעלן זיי זיך אפ, און וואונדערן זיך אויך. איינער זאגט:

— ס׳איז קראנק.

א צווייטער זאגט:

— ס׳איז הונגעריק.

נעמט א דריטער און דערלאנגט אים א שטיקל סענדוויטש מיט קעז. שמעקט לאביק מיט דער נאז, קוקט אן אומעטיקער אף דעם

# לאַביזיק וויל ניט עסן פון צאַרעס



ון אַז די מיסעס בראַון האָט געזאָגט: — כאַפּ אים, דזשאַן, און וואַרף אים אַרויס דורכן פענצטער, — האָט זיך לאַביזיק טייקעף אָפּגעטראָגן און אַנטלאָפן אַהיים. און אַז ער איז געקומען אָן אַ בריוועלע פון די קינדער, האָט די מאַמע מאַלי פאַרמאַכט די אויגן, זיך אַ שאָקל געטאָן און אַוועקגעפאַלן. האָט גענומען דער טאַטע בערל און געגאָסן וואַסער אויף איר, האָט זיך אויפגעכאַפּט די מאַמע מאַלי, געשאָקלט זיך אַהין און אַהער און געמאַכט:

— ריפקעלע, מוליק, וואו זייט איר?

און אַז די מאַמע מאַלי מאַכט אַזוי, פאַרקלעמט לאַביזיקן באַם האַרצן, און ער קען זיך ניט איינהאַלטן און הייבט אָן צו וויינען:

— וויו, וויו, וויו.

דער טאַטע בערל איז שוואַרץ, ווי די ערד, אָבער זיינע אויגן לאַכן נאָך.

דאָ קומט ווידער אָן די נאַכט. אין דער גאַס, וואו דאָס קינדער־הויז געפינט זיך, איז שטיל. שאַ. אַלע שלאָפן דאָרטן אין די הייזער. אַלע קינדער שלאָפן אין קינדער־הויז. נאָר צוויי קינדערלעך שלאָפן ניט: מוליק און ריפקע.

שטייט לאַביזיק מיט אַ פאַריסן קעפּל פאַרן הויכן מויער פון קינדער־הויז, קוקט מיט אַזויפיל בענקשאַפט אַרויף. דאָרטן אויבן ערגעץ, ווייסט ער, ליגט ריפקעלע אין איר בעטל, און ער קען איר גאָרניט העלפן, ווייל היינט איז אומעגלעך זיך דורכצוגאַנווענען. ווייזט אויס, מען האָט אָנגעזאָגט דעם וועכטער, ער זאָל אַכטונג געבן. שטייט דער וועכטער פאַר דער טיר מיטן גראָבן שטעקן און היט מיט ביידע אויגן. דרייט זיך לאַביזיק אַרום אים, פאַרלויפט לינקס, פאַרלויפט רעכטס, אָבער אומעטום איז דאָ דער גראָבער שטעקן.

מאַכט זיך לאַביזיק, אַז ער גייט קלוימערשט אַוועק, אַז ער דאַרף גאָר אינגאַנצן ניט האָבן דאָרטן לעבן הויז. גייט אַוועק אין אַ צווייטער גאַס און וואַרט אויס אַ ביסעלע, דערנאָכדעם קומט ער צוריק, אָבער —

אַ געשריי צום עלעוויטאָר־מאַן — וואַרף דאָס אַרויס דורכן פֿענצטער.

אָבער — אַט וועט לאַבזיק גיין וואַרטן ביז מען וועט דאָס כאַפּן און אַרויסוואַרפֿן דורכן פֿענצטער. ער האָט גיך פֿאַרקאַטשעט ס'וויידעלע, זיך צעיאָגט, און אַז מען האָט אים פֿאַרשטעלט דעם וועג, האָט ער געגעבן אַ פֿלי צווישן מיסעס בראַונס פֿיס און אַוועק, אַוועק, און שוין ניטאָ קיין לאַבזיק.



אויך צוגעטוליעט צו לאַבזיקס וואַרעמען האַלדז און אויך איינגעשלאָפן, ווי אַ דערהאַרגעטע.

גייט אַזוי אַוועק די נאַכט און לאַבזיק שנאַרכעט און ריפקע שנאַרכעט. קומט אָן דער אינדערפרי און זיי שנאַרכן נאָך אַלץ. אַבער פאַרוואָס זשע קלאַפּט ביטי מיט אַזויפיל דערשרעק?

— ריפקע, ריפקע, שטיי אויף!

אַ נעכטיקער טאָג! אַזויפיל נעכט ניט געשלאָפן, האָבן זיי זיך צוגעכאַפּט צום שלאָף און מען קען זיי שוין ניט אָפּרייסן.

— ריפקע, ריפקע! — שרייט ביטי מיט מוירע. — כאַפּט זיך אויף און באַהאַלט ערגעץ דיין לאַבזיקן, ווייל מיסעס בראַון גייט.

אָבער קלאַפּ אין דער וואַנט, אַז מען הערט ניט. די צוויי גוטע פריינט האָבן קוים דערלעבט צו שלאָפן צוזאַמען. נו, פאַרשטייט איר שוין אַליין.

הערן זיך טריט איבערן קאָרידאָר, בייזע טריט. ווייל מיסעס בראַון, אַז זי שטייט אויף אינדערפרי, איז זי זייער בייז. זי שלאָפט, ווייזט אויס, ניט גוט אַ גאַנצע נאַכט.

טאַם-טאַם, טים-טים, הערן זיך אירע טריט. זי שליסט אויף טיר נאָך טיר און אָט שליסט זי שוין אויך אויף ריפקעלעס טיר. אויפ־געשלאָסן, זי איז שוין אינעווייניק. זי גיט אַ קוק, ס׳ווערט איר פינצטער אין די אויגן.

— אַ הו! — צעשרייט זי זיך איבערן גאַנצן הויז און ס׳קומען צולויפן אַנדערע פרויען, וואָס אַרבעטן אין הויז, לערער און לערערנס, אַפילו דער עלעוויטאָר-מאַן.

און לאַבזיק? לאַבזיק האָט זיך געגעבן אַ כאַפּ אויף מיט גרויס מוירע. געמיינט, אַז ס׳איז אַ פייער.

— וועמענס הינטעלע איז דאָס? — שרייט מיסעס בראַון.

— מיינס — ענטפערט ריפקעלע, וואָס איז שטאַרק דערשראָקן, — מיין הינטעלע איז דאָס און ס׳הייסט „לאַבזיק“.

— ווי אַזוי איז ער געקומען אַהער? — פרעגט די מיסעס בראַון מיט גרויסע שלעכטע גרויע אויגן.

— ס׳איז אַ קלוג הינטעלע, ווייסט דאָס שוין אַליין דעם וועג, — באַרימט זיך דערוויל ריפקעלע מיט איר לאַבזיקן.

— דאָס איז שרעקלעך, דאָס איז שווידערלעך! — שלאָגט זיך די מיסעס בראַון אין איר אייגענער באַק אַריין. — דזשאָן, — גיט זי

עפל־שטרודל איז איינער אַף דער וועלט. עפשער קען לאַבזיק זיך אויך דערשלאָגן צו מוליקן, ווייל פאַר מוליקן האָט לאַבזיק אויך אַ בריוול.

זיי זשע אונדז געזונט, טאַכטער, און זאָרג ניט. מיר וועלן דיך און מוליקן שוין באַפרייען.

פון אונדז, דיין טאַטע בערל און דיין מאַמע מאַלי.

יאָ, און מיר האָבן דיר פאַרגעסן צו זאָגן, אַז אַזוי ווי לאַבזיק האָווקעט אַ גאַנצע נאַכט און לאָזט אונדז ניט שלאָפן, דאָס בענקט ער אַזוי נאָך דיר, זאָל זשע לאַבזיק שוין בלייבן באַ דיר אין צימער און שלאָפן מיט דיר אין דיין בעטל, וועט אייך ביידן זיין גוט ווי די וועלט.

פון מיר, דיין טאַטע בערל."

אין אָוונט איז ריפקע אַריין צו זיך אין צימער. דורכן טאָג האָט זי זיך שוין באַקאַנט מ׳ט ביטין פערזענלעך און מיט נאָך אַנדערע קינדער. ס׳איז איר שוין געוואָרן אַ ביסל פריילעכער. און גאָר פריילעך איז זי געוואָרן, ווען זי האָט געטראָפן לאַבזיקן מיטן בריוועלע. האָט ריפקעלע טייקעף אָנגעקלאַפט דורך דער וואַנט צו ביטין, און איר דערציילט פון בריוועלע. האָט זיך ביטי געפרייט און ס׳האָט זיך איר פאַרגלוסט צו הערן, ווי לאַבזיק טוט אַ האָווקע. זי האָט שוין אַזוי לאַנג ניט געהערט ווי אַ הינטל גיט אַ האָווקע, ווייל דאָ אין קינדער־טורמע לאָזט מען ניט אַריין קיין הינטלעך.

האָט ריפקעלע איר צוליב געטאָן, צוגעלייגט לאַבזיקן צו דער וואַנט און אים געהייסן האָווקען. האָט לאַבזיק אַ האָווקע געטאָן אַ פּאָר מאָל גלייך אין דער וואַנט אַריין און ריפקעלע האָט געפרעגט:

— נו, דו הערסט?

און ביטי האָט געמאַכט:

— יאָ, איך הער, און ער האָווקעט זייער שיין. און לויטן האָווקען קען איך שוין טרעפן, וואָס פאַר אַ קלוג הינטעלע דאָס איז.

נו, איז געוואָרן שפּעט און ריפקע האָט זיך געלייגט שלאָפן מיט לאַבזיקן. און לאַבזיק, ווי באַלד נאָר ער איז אַריינגעקראָכן צו ריפּ־קעלען אין בעטל, האָט ער זיך גאָר מעכייע געווען. שוין אַזויפיל נעכט ניט געקענט צומאַכן קיין אויג. איצטער האָט ער אַזש אַ גענעץ געטאָן פון פאַרגעניגן. זיך איינגענוריעט, זיך צוגעטוליעט צו ריפקעלעס פלייצע און איינגעשלאָפן, ווי אַ דערהאַרגעטער. ריפקעלע האָט זיך

# כאַפּט לאַבזיקן



אַטאָג איז לאַבזיק געלאָפן אַהיים מיט אַ בריוועלע פון ריפקעלען, וואו זי האָט אַזוי געשריבן:

„ליבע מאַמע און ליבער טאַטע, נעמט מיך אַרויס, ווייל איך וויין. מיין נייע כאַווערטע ביטי פון צווייטן צימער איז זייער אַ גוט מיידעלע. מוליקן קען איך ניט זען. אַ פרוי פון קינדער־הויז, מיסעס בראַון, איז געקומען צו מיר, און האָט מיר געזאָגט, איך זאָל זיין אַ גוטע אַמעריקאַנערן. האָב איך געזאָגט, אַז איך בין אַ גוטע אַמעריקאַנערן. האָט זי מיר געזאָגט, אַז איך בין ניט, ווייל איך גיי סטרייקן. האָב איך איר ניט געוואוסט וואָס צו ענטפערן. ווען מוליק איז דאָ מיט מיר, וואָלט ער שוין געוואוסט. זאָל מיר דער טאַטע זאָגן, וואָס איך זאָל ענטפערן. זאָל מיר די מאַמע מאַלי אויך שיקן אַ שטיקל עפּל־שטרודל, און מוליקן קען איך טאַקע ניט זען.

אייער טאָכטער ריפקע, וואָס וויל צוריק אַהיים."

פאַרנאַכט־צו איז לאַבזיק געלאָפן צוריק אין קינדער־הויז מיט אַזאַ בריוול:

„אונדזער ליבע טאָכטער ריפקע. מיר וועלן צייויפנעמען אַלע אַרבעטער און אָרעמע מענטשן פון דער גאַנצער שטאָט, קומען צו דיין טורמע און שרייען, מען זאָל אַרויסלאָזן דיך און מוליקן. וואָס דו זאָלסט ענטפערן צו מיסעס בראַון פאַרוואָס דו סטרייקסט? ענטפער איר, אַז אַ גוטע אַמעריקאַנערן מעג אויך סטרייקן און אַרויסהעלפן דער אָרעמער שיפרען, מען זאָל זי ניט אַרויסוואַרפן פון הויז. זאָג איר, אַז די שלעכטע אַמעריקאַנער זיינען גאָר די רייכע מענטשן, ווייל זיי, די רייכע, וואַרפן אַרויס אָרעמע מענטשן פון די הייזער, און גוטע אַמעריקאַנער זיינען די אַרבעטער, ווייל די אַרבעטער באַקן ברויט, מאַכן שיך, נייען קליידלעך, בויען הייזער און די רייכע זיינען פוילע, טוען גאָרניט און עסן אונדזער ברויט, וואָס מיר באַקן, נעמען צו די הייזער, וואָס מיר בויען, און די קליידער וואָס מיר נייען.

די מאַמע שיקט דיר אַ גוט שטיקל עפּל־שטרודל. עס דאָס און האָבן פאַרגעניגן. גיב אויך ביטין אַ שטיקל עפּל־שטרודל. ווייל אַזאַ

אַבער פּלוצלונג דערהערן זיך טריט איבערן קאָרידאָר. דאָס גראַבלען ווערט אַנטשוויגן. עמיצער שליסט אויף די טיר און ס'קומט אַריין אַ פרוי צו ריפקעלען. מיסעס בראַון הייסט זי, די פרוי, וואָס פּאַסט אויף אַף די קינדער.

— טו זיך שנעל אָן, — מאַכט זי, די מיסעס בראַון, מיט אַ גראָב קאָל, — און גיי זיך וואַשן. — אָפּגעזאָגט אירס, גייט די מיסעס בראַון גלייך אַרויס.

איז שוין ריפקעלע אָנגעטאָן. ס'טוט איר אַזוי וויי דאָס האַרץ. זעצט זי זיך צו אָפּן בעטל. פאַרמאַכט די אויגן און שאָקלט זיך אַהין און אַהער. דאָס שאָקלט זי זיך אַזוי פון ווייטיק און וויסט גאָרניט, אַז עמיצער קוקט אַף איר מיט ראַכמאָנעס אייגעלעך, קוקט און שווייגט.

ווער קאָן דאָס אַף איר קוקן אַזוי, אַז זי איז גאָר איינע אַליין ?

עפנט ריפקעלע די אויגן. גיט זי אַ מאַך פריער :

— אוי !

און דערנאָכדעם :

— זע נאָר, זע.

און זי צעוויינט זיך און צעלאַכט זיך פון פרייד.

וואָס זשע אַזוינס האָט זי זיך צעלאַכט ? איר וואָלט זיך אויך צעלאַכט, ווען איר דערזעט לאַבזיקן שטיין אַזוי מיט זיינע צוויי פאָדערשטע לאַפּקעס אין דער הויך.

דאַרף איך אייך שוין דערציילן, ווי ריפקעלע האָט געוויינט פון פרייד און געמאַכט, ווי איר טאַטע בערל :

— אַ קאַפּאָרע ! לאַבזיק, גוטער לאַבזיק, נאַרישער לאַבזיק. . . .

— מיין נאָמען איז ריפקע — ענטפערט בערל דעם אָפּערייטאָרס טאָכטער — און מיך מיט מיין ברודערל האָט מען דאָ פאַרשפּאַרט, ווייל איך, מיין ברודערל, און מיין טאַטע, און מיין מאַמע און מיין לאַבזיק העלפן די אַרבעטער און די אָרעמע מענטשן.

— ווער איז לאַבזיק? — וויל ביטי וויסן.

— דו ווייסט ניט ווער לאַבזיק איז? — וואונדערט זיך ריפקע.

הייבט זי אָן גלייך דערציילן איר נייעם פריינט פון יענער זייט וואַנט, וועמעס פּאָנעם זי קען אָפּילע ניט, דערציילט די גאַנצע מייסע, און ביטי מאַכט אַלעמאָל:

— זע נאָר, איך האָב גאָרניט געוואוסט. דערצייל, דערצייל.

אַז ריפקע האָט געענדיקט איר מייסע, האָט ביטי דערציילט איר מייסע, ווי אַזוי ס׳פירט זיך אין דעם קינדער־הויז, ווי מען שרייט אַלע־מאָל אױף די קינדער, ווי מען באַשטראָפט זיי אַלעמאָל פאַר גאָרניט. אָט איז ביטי אויך אַ באַשטראָפטע, ווייל געוויינלעך שלאָפן אַ סאַך מיידלעך אין איין צימער, די אָבער וואָס מען באַשטראָפט זעצט מען אַריין אין באַזונדערע צימערן. פאַרוואָס האָט מען ביטין באַשטראָפט? ווייל זי לאַכט אָן אַ פאַרוואָס און אָן אַ פאַרוואָן. אַזוי זאָגט די לערערן, אָבער ס׳איז ניט עמעס. האָט זי איינמאָל באַם לערנען געהאַלטן אין איין לאַכן, און דערפאַר האָט מען זי פאַרשפּאַרט אין אַ באַזונדערן צימער.

אָבער פאַרוואָס איז ריפקע אַזוי פאַרציטערט געוואָרן?

— ביטי, ביטי, — שרייט זי צו איר נייער כאַווערטע.

— וואָס איז געשען? — פרעגט ביטי.

— איך שרעק מיך, — ציטערט ריפקעלע.

— וואָס שרעקסטו זיך? — ווערט שוין באַלד ביטי אויך דער־שראָקן.

— עמיצער גראַבלט באַ דער טיר, — וויל שוין ריפקע אַריינקריכן מיטן קאָפּ אונטער דער קאָלדרע.

— ס׳דאַכט זיך דיר אוים, — וויל איר ביטי איינרעדן.

ניין, ס׳דאַכט זיך איר ניט אוים, עמיצער גראַבלט דאָך פאָרט אין דער טיר.

דערווייל ווערן די פענצטער בלוי, ווי טינט, דערנאָכדעם גרוי ווי וואַסער, דערנאָכדעם גאָלדן ווי מאַראַנצן און עמיצער האַלט נאָך אין איין גראַבלען אין דער טיר.

# אוואַדע לאַבזיק...



ד׳ וועלן זיך אומקערן צוריק צו דער נאַכט, דער שפּעטער נאַכט, ווען אין הויף פאַר דעם קינדער־הויז שטייט אַ בוים און שאָקלט זיך. די צווייגן רוישן. דער ווינט בלאָזט. און ריפקעלע מיט אָפענע אויגן ליגט אין איר צימער און טראַכט, מוליק אין זיין צימער ליגט מיט אָפענע אויגן און טראַכט, און טראַכט. ריפקעלעס צימער איז אין דער מיידלשער אָפּטיילונג, מוליקס צימער איז אין דער אינגלשער אָפּטיילונג. ווייט איינער פון אַנדערן. דאָס ברודערל בענקט נאָכן שוועסטערל, דאָס שוועסטערל בענקט נאָכן ברודערל. שטיל איז אין ריפקעלעס צימער, שטיל איז אין מוליקס צימער. צווישן זייערעביידע צימערן געפינען זיך נאָך און נאָך צימערן. קינדער שלאָפן, אייניקע כראָפּען, אייניקע שנאָרכן, אייניקע רעדן פון שלאָף און מאַכן: „מאַמע, מאַמע.“

אינמיטן דער נאַכט האָט זיך ריפקעלע צעוויינט. איר בענקשאַפט נאָכן ברודערל, נאָך טאַטע און מאַמע און באַזונדערס נאָך לאַבזיקן, איז אַזוי גרויס, אַז זי קען ניט צומאַכן קיין אויג.

אַ מיידעלע פון צווייטן צימער האָט גלייך דערהערט דורך דעם דינעם ווענטל, אַז עמיצער וויינט, און ס׳האָט איר גלייך פאַרקלעמט באַם האַרצן. האָט זי אַ קלאַפּ געטאָן אין דער וואַנט. פון דעם קלאַפּ האָט זיך ריפקעלע דערשראָקן און אויפגעהערט צו וויינען. געציטערט און זיך איינגעהערט. איז געווען שטיל אַ ווייל און דערנאָכדעם האָט זיך דערהערט אַ צווייטער קלאַפּ. דערנאָכדעם אַ דריטער קלאַפּ, און דערנאָכדעם אַ פאַרשטיקט קאָל:

— וואָס וויינסטו, מיידעלע, און ווי אַזוי הייסטו?

שרעקט זיך ריפקעלע פאַרן פרעמדן קאָל און זאָגט גאָרניט.

— שרעק זיך ניט פאַר מיר, — מאַכט דאָס מיידעלע, — מיין נאָמען איז ביטי, מיין טאַטע איז געשטאָרבן, און מיין מאַמע האָט ניט געהאַט פון וואָס צו לעבן, האָט זי מיר אַריינגעגעבן אַהער. ווי אַזוי איז דיין נאָמען?

דורכן פענצטער. די מאמע מאַלי האָט געכאַלעשט, האָט מען זי אַרויס־געטראָגן אינדרויסן.

יענע נאַכט האָבן פיל מענטשן אין דזשעקסאָן עוועניו ניט געקענט שלאָפן. זיי האָבן אַלץ געטראַכט וועגן דעם, אַז די רייכע מענטשן קענען באַ זיי, באַ די אָרעמע, צוכאַפּן אַפילע זייערע אייגענע קינדער.

און לאַבזיק? לאַבזיק איז געלעגן אין אַ ליידיק בעטל. אין דעם בעטעלע, וואו ער פלעגט אַזוי געשמאַק שלאָפן לעבן זיין בעסטן פריינט, ריפקעלען. ס'איז אים געווען זייער קאַלט, כאָטש אין הויז איז גראָד דעמאָלט ניט געווען קאַלט. ס'האָט אים עפּעס געביסן אין די אויערן, און ער האָט אַלעמאָל געקראַצט די אויערן מיט אַ הינטערשט פיסעלע. ער האָט זיך געוואָרפן פון איין זייט אָף דער צווייטער. ער איז אַריינגעקראָכן צו בערלען און מאַלין אין בעט, האָט זיך די מאַמע מאַלי צעוויינט, ווען לאַבזיק איז אַריינגעקראָכן. דער טאַטע בערל האָט זי געוואָלט טרייסטן, האָט ער קלוימערשט אָנגעשריען אָף איר:

— אַ קאַפּאָרע! מאַלי, האָסט שוין גענוג געוויינט. שלאָף בעסער און מאָרגן וועלן מיר זען עפּעס צו טאָן, אַרויסצורייסן אונדזערע קינדער פון פאַרשאָלטענעם הויז.

לאַבזיק האָט אָבער לאַנג אין זייער בעט ניט געקענט ליגן, איז ער אַרויס און אַרונטערגעקראָכן אונטערן טיש. צוליב וואָס גראָדע אונטערן טיש? ער האָט דען געוואוסט וואָס ער טוט, פאַר צאָרעס?

וואָס ווייטער איז געשען — אין קומענדיקן מייסעלע.



האָט די מאַמע מאַלי אויסגעשטרעקט אַ פינגער און געזאָגט:

— איר זעט כאָטש, הער ריכטער, ווי די גאַנצע וועלט נעמט זיך אָן פאַר מיינע טייערע קינדער.

דעם ריכטערס אויערן זיינען אָבער געווען פאַרמאַכט צו טאַטע און מאַמע און צו די מענטשן פון דזשעקסאָן עוועניו אויף דער גאַס. זיינע אויערן זיינען געווען אָפן צום פרינציפּאַל מיט די וואָנצעלעך און מיטן נאַקעטן קאָפּ.

דער פרינציפּאַל האָט געזאָגט:

— הער ריכטער, איר זעט אָט די דאָזיקע צוויי קינדער? זייען זיי זייער געפערלעך פאַר אַלע פינף הונדערט קינדער, וואָס לערנען אין מיין סקול. איך האָב געהאַט צאָרעס מיט זיי, אַז זיי זיינען גאָר „ראַדיקאַלן".

און ער האָט גענומען דערציילן וועגן סטרייק, און וועגן דעם, ווי אַזוי זיי האָבן אָנגערייצט אַלע קינדער פון דער סקול, אַרויסצוהעלפן אין ברוים־סטרייק.

— וואָס וועסטו זאָגן דערויף? — פרעגט דער ריכטער מוליקן.

— וואָס זאָל איך זאָגן? — קוקט מוליק בראַוו אין די אויגן פון ריכטער. — איך וועל זאָגן אַזוי. מיין טאַטע איז אַן אַרבעטער, מיין מאַמע איז אַן אַרבעטערן, אַלע מענטשן פון דזשעקסאָן עוועניו זיינען אַרבעטער און אָרעמע מענטשן. די רייכע טוען גאָרניט, אַרבעטן ניט, פאַרוואָס זשע האָבן זיי אַזויפיל הייזער? און שיפרע די אַלמאָנע האָט קוים צוויי צימערלעך מיט אַ קיך. פאַרוואָס האָבן די רייכע אַזויפיל קליידער און שיך און אוורעמעלע זאָשעס גייט באָרוועס? . . . . .

מען האָט אָבער מוליקן מער ניט געלאָזט רעדן. דער ריכטער האָט אים איבערגעשלאָגן אינמיטן. ער האָט עפּעס פאַרצייכנט אין אַ פּאַפּיר, און געהייסן די קינדער אַרויספירן. דאָס האָט ער פאַר־צייכנט אין פּאַפּיר, אַז ער פאַרשפּאַרט מוליקן און ריפקעלען אין קינדער־הויז.

וואָס ס'האָט זיך אָפּגעטאָן אינעווייניק און אין דרויסן איז שווער צו באַשרייבן. די מענטשן פון דזשעקסאָן עוועניו האָבן געוואָלט אויפ־רייסן די טירן. בערל האָט אָנגעהויבן צו שרייען אָפן ריכטער, האָט אים אַ פּאָליסמאַן אַרויסגעוואָרפן. לאַבזיק האָט שיר שוין געהאַלטן דעם ריכטערס אַ פּוס אין זיינע ציין, האָט אים אָבער אַ צווייטער פּאָליסמאַן אַ כאַפּ געגעבן באַם האַלדז און אים אַרויסגעשליידערט

# לאַבזיק אין קינדער־געריכט

אַנץ דזשעקסאָן עוועניו האָט באַלאַגערט דעם קינדער־געריכט. אינעווייניק האָט מען קיינעם ניט אַריינגעלאָזט. אינעווייניק איז געזעסן דער אַלטיטשקער ריכטער אַף אַ גרויסן שוואַרצן שטול, און זיך געשאָקלט, און זיך געשאָקלט. אַן אַלטיטשקער ריכטער מיט אַ צעקנייטשטן פּאָנעם און מיט קישעלעך אונטער די אויגן. אַנטקעגן זיינען געשטאַנען מוליק און ריפקע זייער אויסגעדאַרטע. ניט דערפֿאַר, ווייל מען האָט זיי ניט געגעבן קיין עסן. מען האָט זיי גראָדע דאָרטן יאָ געגעבן עסן, אָבער דאָס עסן איז ניט געקראָכן אין האַלדז אַריין. אַחוץ דעם האָט ריפקעלע אַ גאַנצע נאַכט ניט געקענט שלאָפן.

לעבן זיי זיינען געשטאַנען בערל און די מאַמע מאַלי. די מאַמע מאַלי איז געווען אַזוי פאַרענדערט, אַז ס׳איז זי גאָרניט געווען צו דערקענען. אַזוינע טרויעריקע אויגן האָט זי געהאַט, אַזויפיל קנייטשן אויפן פּאָנעם. דער טאַטע בערל האָט זיך נאָך געהאַלטן שטאַרק, אָבער מען האָט שוין געקאָנט דערקענען, ווי ס׳עסט אים אינעווייניק. באַ דער זייט איז אויך געשטאַנען דער פּרינציפּאַל פון סקול און מיסטער שטיינוועצל.

און לאַבזיק? לאַבזיק איז אויך געווען אינעווייניק. מען האָט אים טאַקע ניט אַריינגעלאָזט, איז ער פאַרקראָכן אין הויף און אַריינגעשפּרונגען דורכן פענצטער. אים איז אויך ניט געווען צו דערקענען. אויך ניט געקענט שלאָפן אָן ריפקעלען. געבענקט, אַזוי געבענקט נאָך זיינע צוויי פריינט, אַז ס׳האָט אים ווײ געטאָן אין בייכעלע.

בערל האָט געגעבן צום ריכטער זייער בייז. ער האָט אים געזאָגט, אַז זיינע קינדער האָבן באַ קיינעם ניט גענאַנוועט, קיינעם ניט דערהאַרגעט. זיי האָבן נאָר געטאָן, וואָס זייער טאַטע און מאַמע טוען, דאָס הייסט, העלפן די אָרעמע מענטשן.

און אַז די מענטשן פון דזשעקסאָן עוועניו האָבן אַלעמאָל אויסגעשריען אינדרויסן:

— באַפרייט גלייך מוליקן און ריפקען, ווייל זיי זיינען די בעסטע קינדער אין די בראָנקס.

— וואָס מיר ווילן — רופט זיך אָן דער דאַרינקער, קלאָמפּערשט אײדל, און דער הויכער, דער שטאַרקער, זאָגט גאָרניט, שטייט באַ דער טיר, קעדיי ניט לאָזן קײנעם אַנטלויפן, און שווייגט. — יאָ, וואָס מיר ווילן, איז די מייסע אַזוי: דער פּרינציפּאַל פון סקול האָט באַריכט צו דער קינדער־געזעלשאַפט, אַז באַ אים אין שול לערנען זיך אײערע צוויי קינדער. אײערע דאַזיקע צוויי קינדער פירן איבער די איבעריקע קינדער, און דעריבער דאַרפן מיר זיי ברענגען פאַרן ריכטער פון דער קינדער־געזעלשאַפט.

— אַ קאַפּאָרע! — צעשרייט זיך דער טאַטע בערל — וואָס האָט איר צו טאָן מיט אונדזערע צוויי קינדער?

— אַט, אַט — מאַכט דער דאַרינקער זייער זיס, — אַט, אַט, מען דאַרף ניט שרייען. מען דאַרף רעדן ווי אַ דזשענטלמאַן.

— אַ קאַפּאָרע מיט אַזוינע דזשענטעלליַיט! — ציטערט שוין בערל פון קאַס. — וואָס פאַר אַ קינדער־געזעלשאַפט? וואָס פאַר אַ ריכטער?

— אַז איר וועט זיך זידלען, וועט איר ערגער מאַכן — מאַכט דער דאַרינקער מיט אַ קווויטש. — אין קורצן: אײער זון מוליק און אײער טאָכטער ריפקע האָבן אָנגערעדט אַלע קינדער זיי זאָלן העלפן פּיקעטן די בעקעריי. און נאָך העט פריער איז געווען אַ סטרייק אין סקול, און ס׳איז אַלץ אײערע קינדערס אַרבעט.

— בערל, וואַרף זיי אַרויס פונדאַנען! — שרייט די מאַמע מאַלי.

— כאַוויירים, וואָס שווייגט איר? איר זעט דאָך ווער זיי זיינען.

טראַכט ניט לאַנג דער דאַרינקער, נעמט אַרויס אַ פּייפל פון קעשענע און גיט אַ פּיף. לויפן טייקעף אַרויף פּאָליסלייט.

נו, וואָס זאָל איך אײך דערציילן? די מאַמע מאַלי האָט גע־כאַלעשט, פאַרמאַכט די אויגן, פאַרוואָרפן דעם קאָפּ, אומגעפאַלן אָף דער ערד און געכאַלעשט. בערל דער אַפּערייטאָר האָט זיך געשלאָגן מיט די פּאָליסלייט. אַלע מענטשן האָבן אים געהאָלפן. לאַבזיק אין פאַרשלאָסענעם צימער האָט אַזוי געיאָמערט, אַזוי געוואָיעט. איי, ווען ער זאָל ניט געווען זיין פאַרשלאָסן. אָבער די פּאָליסלייט זיינען שטאַרקער, און מוליקן און ריפקען האָט מען אַ כאַפּ געטאָן, ווי צוויי הינדלעך. מען האָט זיי אַ טאַסקע געטאָן אָף די הענט די טרעפּ אַראָפּ, מען האָט זיי אַרייַנגעוואָרפן אין אַן אַטאָמאָביל. דער אַטאָמאָביל האָט אַ פאָר געטאָן גיך, גיך אין ווייטע גאַסן און איז פאַרשוואונדן געוואָרן.

און באַ בערלען אין הויז איז געוואָרן ליידיק... ליידיק...

ווען זיי פאַלן אַראָפּ אַף עמיצנס קאָפּ מאַכן זיי אַ לאַך. מיט אַזאַ געזונטער מאָרדע, אַז ער וואָלט געקענט קנאַקן נים מיט איר.

דער צווייטער, דאַפּקע אַ קלייניינקער, אַ דאַרינקער, קלאָמפּערשט אַ לאַכנדיקער און אַן איידעלער, גרויע האָר מיט גאָלדענע ברילן, אָנגעטאָן אין אַ שיינעם בלויען אָנצוג מיט אַ דימענט-שפּילקעלע אַפן שניפּס. גערעדט האָט בלויז דער דאַרינקער מענטש. ער רופט זיך אָנעט אַזוי איידל:

— וואוינט דאָ בערל דער אָפּערייטאָר?

— אַז דאָ — ענטפערט בערל אומצופרידן, — אַז דאָ, וואָס זשע ווילט איר?

— האָט איר צוויי קינדער, איינער הייסט מוליק און די צווייטע הייסט ריפקעלע?

— וואָס דאַרפט איר מיינע קינדער? — ווערט בערל דער אָפּערייטאָר בלאַס, און באַ דער מאַמע מאַלין הייבן אָן די קני צו ציטערן, און ריפקעלע כאַפּט אָן מוליקן באַ דער האַנט.

און לאַבזיק? לאַבזיק איז פאַרשלאָסן באַם באָרדער אין צימער.



דאָס האָט אים די מאַמע מאַלי פאַרשלאָסן, קעדיי ער זאָל זיך ניט בייסן. גראַבלט לאַבזיק מיט די לאַפּקעס אין דער פאַרשלאָסענער טיר וואָיעט און וואָיעט און קען זיך נים באַרואיקן.

— וואָס זשע ווילט איר, אַז מיר האָבן צוויי קינדער? — פרעגט די מאַמע מאַלי און דאָס האַרץ קלאַפּט אַזוי שטאַרק.

נאַריש צו מאַכן. שפּעטער, ווען מען האָט אָנגעהויבן די רעדעס און אַלע האָבן שוין מערער ניט געקוקט אַף אים, האָט אים פאַרדראָסן אַזאַ זאַך. ער איז אַרויפגעקראָכן אַפן טיש, קעדיי אַלע זאָלן זען, אַז ער, לאַבזיק, לעבט נאָך. פאַרשטייט זיך, אַז בערל האָט אים אַראָפּגעטריבן און געזאָגט צו אים:

— אַ קאַפּאַרע! דו נאַריש הינטעלע, אַפן טיש איז ניט שיין צו קריכן.

ריפקע האָט אים אַ קניפּ געטאָן אין האַלדז און געזאָגט:

— אוי דו, לאַבזיק, פאַרשעמסט אונדז פאַר די מענטשן. וואָס וועלן זיי זאָגן? זיי וועלן זאָגן, אַז בא בערלען דעם אַפּערייטאָר וואַקסט אַ ווילד נאַריש הינטעלע.

נו, האָט ער זיך געפילט אַ ביסל באַלידיקט, געזעסן אַף ריפקעלעס קני און געמאַכט זיך קלוימערשט, אַז ער דרעמלט.

איז אַזוי ווי מען זינגט, מען רעדט און מען פרייט זיך, ווי פּלוצלונג ווערן לאַבזיקס אויערן אָנגעשפּיצט, און ער הייבט אָן צו ברומען אין בייכעלע. ווערן אַלע שטיל און מען קוקט אַף לאַבזיקן. בערל וואונדערט זיך, ווייל וואָס פּלוצלונג האָט ער זיך אַזוי צעברומט אין זיין בייכעלע?

— דאָ מוז עפּעס זיין — רופט זיך אָנעט די מאַמע מאַלי — ווייל ניט אומזיסט וועט ער אַזוי ברומען. — און זי הויבט זיך אויף פון אָרט.

דאָס האָט זיך אַזוי לאַבזיק צעברומט, ווייל ער האָט דערשמעקט, ווי עפּעס פרעמדע מענטשן קומען אָן אַף די טרעפּ. אָבער מען האָט נאָך געקענט מיינען, אַז עפּשער גייען זיי גאָרניט צו בערלען. אָבער, יאָ, לעבן בערלס טיר האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט. לאַבזיק האָט שוין מערער ניט געברומט, ער האָט זיך געריסן מיטן גאַנצן קויעך, ער האָט געשאַרפּט די ציין, ער האָט געוואָיעט הויך אַף אַ קאָל, אַקוראַט ווי מען וואָלט אים אַרויפגעטראָטן אַפן וויידעלע.

פאַרשטייט זיך, אַז בא אַלעמען קלאַפּן די הערצער, די פּענעמער — דערשראָקן, און מערער פון אַלעמען שרעקט זיך די מאַמע מאַלי.

יאָ, צוויי מענטשן זיינען אַריינגעקומען אין הויז און געקוקט אַף אַלעמען מיט פרעמדע אויגן. איינער אַ הויכער מיט אַזוינע ברייטע פּלייצעס, אַז זיי האָבן אַזש פאַרשטעלט די טיר, מיט אַזאַ געזונטן האַלדז, ווי פון אַ גראָבן אָקס. מיט אַזוינע גרויסע שווערע הענט, אַז

# לאַבזיק גראַבלט אין דער טיר



מען האָט געמאַכט אַ גרויסן יאָנטעוו באַ בערלען אין שטוב. צוליב וואָס איז געווען דער יאָנטעוו? נאָך דעם, וואָס מען האָט געוואונען רעליף, איז באַשלאָסן געוואָרן מאַכן אַ יאָנטעוו און באַ געדעקטע טישן זיך דורכרעדן, וואָס מען דאַרף ווייטער טאָן. ווייל בערל האָט געזאָגט, אַז אויב מען האָט אָנגעהויבן צו געבן רעליף, איז נאָר דערפאַר, וואָס מען האָט זיך דערשראָקן פאַר די אַרבעטער. אָבער שפּעטער קען מען נאָך אויפהערן צו געבן דעם רעליף, און ס'וועט ווייטער זיין שלעכט.

יאָ, האָט מען געמאַכט אַ גרויסן יאָנטעוו באַ בערלען אין שטוב, זיינען זיך צונויפגעקומען פיל מענטשן. אַזוי ווי ס'האָט ניט געקלעקט קיין בענקלעך פאַר אַלע, זיינען אַ סאַך געבליבן שטיין באַ די ווענט. אָבער ס'האָט זיי ניט געאַרט. מען האָט געגעסן הערינג מיט קאַרטאָפּליעס, מען האָט געטרונקען ווײַנשל-סאָדע און מאַראַנצן-סאָדע, און לימענע-סאָדע. מען האָט געזונגען לידער, מען האָט געהאַלטן רעדעס, און יעדער איינער האָט געזאָגט, אַז די אַרבעטער און אָרעמע מענטשן דאַרפן זיך האַלטן צוזאַמען. אַז אויב נאָך מערער מענטשן וועלן צושטיין, קען עפּשער אינגאַנצן ווערן גוט.

און לאַבזיק? לאַבזיק, פאַרשטייט זיך, איז געווען דער הויפּט-מעכוטן. ער איז געלאָפן אַלעמאָל צו דער טיר באַגעגענען די מענטשן, וואָס האָבן געהאַלטן אין איין קומען. ער האָט זיי באַגריסט מיט אַזאַ מין האַווקע, וואָס האָט געקענט מיינען:

— האַו דו יו דו, אָדער אַ גוט אָוונט; וואָס מאַכט איר? ווי פילט איר זיך עפּעס? וואָס האָט מען אייך שוין אַזאַ לאַנגע צייט ניט געזען? זיצט! פאַרוואָס זיצט איר ניט? נעמט עפּעס אין מויל אַריין. פאַרוואָס זיצט איר ניט? איר זייט דאָך מיד. רוט אָפּ די ביינער. אַזוי פיל טרעפּ געדאַרפט אַרויפגיין. — אָט דאָס אַלץ האָט לאַבזיק אויסגעדריקט אין זיין קורצן ליבלעכן „האַוו, האַוו!"

אַלע האָבן גערעדט צו אים גוטע רייד, געגלעט און ער האָט זיך שטאַרק איבערגענומען, פאַריסן דאָס וויידעלע און זיך אָנגעהויבן

אַ בייזער. די קינדער גייען אויף אַרויס פון וואַסער און ל־אַ־כ־ן און רייצן זיך:

— אָבער דו ביסט געקראָכן אין וואַסער, לאַבזיק, — רייצט זיך היימיי.

— האַוו, האַוו, — מאַכט לאַבזיק זייער בייז.

דאָס הינטעלע איז שוין געבליבן אַ בייזער און אַ ברויגעזער, נים געוואָלט צו קיינעם נים רעדן, אפילע צו ריפּקעלען אויך נים.

ווען אַלע קינדער זיינען געקומען אַהיים צוריק אין די בראָנקס, איז לאַבזיק גלייך אַריינגעלאָפן אין הויז צו דער מאַמע מאָלין און אָנ־געהויבן צו האַוקען גיך, גיך. דאָס האָט ער איר געוואָלט דערציילן, ווי די קינדער האָבן אים אָפּגענאַרט. האָט אָבער די מאַמע מאָלי נים פאַרשטאַנען, וואָס ער האַווקעט, און אים אָפּגעטריבן. איז אים זיין האַרץ געוואָרן נאָך שווערער און ער האָט געטראַכט, אַז דאָס מאָל וועט ער שוין טאַקע אַוועקפאָרן קיין פילאַדעלפיע, איינמאָל פאַר אַלע־מאָל, און אַן עק זאָל דאָס נעמען.



אים שוין ניט כאַפּן. מיט אַ פּאַריסן ווײדעלע יאָגט זיך לאַבזיק און די נעשאַמע איז אים אַזש אין די פּיאַטעס.

גיט זיך הײמי דער געלער ווידער אַ שנײַץ די נאָז, רופט צונויף אַלע קינדער און מען סוידעט זיך ווידער. וואָס זײ האָבן זיך געסוידעט, ווייסט ניט לאַבזיק, נאָר ער זעט, ווי אַלע קינדער שפּרינגען אַרײַן אין וואַסער.

איז אים געוואָרן אומעטיק און טרויעריק. אין דער מינוט האָט ער אַזוי שטאַרק געבענקט צוריק נאָך דזשעקסאָן עווענױ. אַך, ווען מען זאָל אים איצט צוריקבריינגען אַף דזשעקסאָן עווענױ! ער וואָלט דאָך אויס־געקושט יעדעס שטײנדעלע דאָרטן. דאָ איז דער יאַם אַזאַ בײזער. שפּרינגט מיט כוואַליעס אַפּן ברעג. די וואַסערן רײסן זיך גלײַך צו לאַבזיקן. ער האָט מוירע, לאַבזיק. די קינדער זײַנען שוין אַוועק־געשוואומען אַזוי ווײַט. ווער ווייסט, וואָס ס'קאָן נאָך פּאַסירן. באַ־זונדערס פון ריפקעלען נעמט ער ניט אַראָפּ קײן אויג. ריפקעלע קאָן גוט שווימען. פּאַטשט זי מיט די הענטלעך, פּאַטשט מיט די פיסלעך און שווימט אַוועק אַלץ ווײַטער און ווײַטער פון אים, פון לאַבזיקן. פון גרויס בענקשאַפט האָט זיך דאָס הינטעלע אַזש צוגעוזעצט, פאַר־גראָבן די לאַפּקעס אין זאַמד און געבילט אַזוי דין און ציטעריק, אַקוראַט ווי אַ קלײן קינד וואָלט געוויינט.

— וואו־ו־ו, וואו־ו־ו, — האָט ער געמאַכט, — וואו־ו־ו, וואו־ו־ו.

אָבער פּלוצלונג — מען שרײַט געוואַלד. אַזאַ גרויסער ליאַרעם. וואָס איז? וואָס איז? אַ קינד טרינקט זיך. געוו־ו־וואַלד, אַ קינד טרינקט זיך! לאַבזיק ווייסט שוין ווער דאָס קינד איז. דאָס איז ריפקעלע. מיטן קעפּל טונקט זי זיך איך וואַסער. געוו־ו־ו־אַלד! די מענטשן, וואָס באָדן זיך, זײַנען ווײַט פון איר.

געדענקט שוין ניט לאַבזיק, ווי אַזוי פּלוצלונג ער איז אַרײַן אין דעם וואַסער. ער האָט געמאַכט מיט אַלע פיר פיסלעך שנעל, שנעל און ס'האָט אים געטראָגן גלײַך צו ריפקעלען.

אָבער פאַרוואָס לאַכן אַזוי אַלע קינדער? ריפקעלע אַלײן לאַכט אויך. זי טרינקט זיך גאָרניט, זי הייבט אָן צו שווימען, פּונקט ווי גאָרניט, און — לאַכט. פאַרשטייט שוין לאַבזיק, אַז דאָס האָט מען אים אָפּגענאַרט, דרייט ער זיך אויס צוריק צום ברעג, אַ נאַסער און

אַז מוליק מאַכט שוין „קום מיט מיר", קען דאָך לאַבזיק שוין ניט זיין קיין כאַזער. גייט ער שוין צו, אָבער בלויז אַ פּאָר טריט.

— קום מיט מיר, — מאַכט שוין ריפקעלע.

נו, אַז ריפקעלע אַליין מאַכט „קום מיט מיר", קאָן ער זיך שוין גאָרניט העלפן. אַ שרעקנדיקער לאָזט ער זיך צו און בלייבט שטיין פאַר איר, אַ שרעקנדיקער און ציטערדיקער.

— שפּרינג אַריין אין וואַסער, — מאַכט ריפקעלע.

קוקט לאַבזיק אַף דעם וואַסער, קוקט און קוקט, אָבער ער רירט זיך ניט פון אָרט.

לאָזן אים די קינדער שטיין אַזוי־אַ אַ ציטערדיקן און אַלע נעמען זיך צונויף אין אַ ראָד. מען בויגט אָן די קעפּ איינער צום אַנדערן און מען סוידעט זיך, און מען שושקעט זיך.

לאַבזיק וויל אַזש וויינען, ווען ער זעט, ווי מען סוידעט זיך. ער ווייסט שוין, אַז מען סוידעט זיך אַזוי וועגן אים, אים אָפּצוטאָן אַ ניי שפּיצל.

וואָס אַזוינס האָבן זיי זיך טאַקע געסוידעט? מען האָט אויס־געטראַכט אַ פּלאַן, ווי אַזוי לאַבזיקן צו פאַרנאַרן אין וואַסער. דאָס איז געווען היימי דעם געלנס פּלאַן. אַזוי ווי מען ווייסט, אַז שטענדיק, ווען עמיצער וואַרפט אַ באַל, האָט לאַבזיק אַ טעווע צו לויפן נאָכן באַל און אים כאַפּן, האָט מוליק טאַקע גענומען דעם באַל און אים געגעבן אַ וואָרף אַריין אין וואַסער.

פאַרגעסט זיך אַף אַ ווייל לאַבזיק, גיט זיך אַ צעיאָג, גיט אַ שפּרונג, אָבער סאַמע באַם ברעג גיט ער זיך אַ שטעל אָפּ. ניין. ער קאָן ניט. טוט אים, וואָס איר ווילט, ער קאָן ניט. וואָס ער קאָן יאָ, איז האַווקען.

— האַוו, האַוו, — מאַכט ער צום באַל, וואָס וויגט זיך איצט אַף אַ כוואַליע אין יאַם.

— וואָס וועלן מיר זיך גאָר איינגאַנצן צערעמאָניען מיט אים, — שרייט אויס היימי דער געלער און שנייצט זיך אויס די נאָז מיט גרויס קאַס. — לאָמיר אים כאַפּן און מיט געוואַלד אַריינטראָגן אין וואַסער.

גיט זיך טאַקע היימי אַ לאָז צו לאַבזיקן און וויל אים כאַפּן. אָבער אָט אַזוי שנעל, מיינט איר, כאַפּט מען לאַבזיקן? ער האָט זיך געגעבן אַזאַ צעלויף, אַזאַ צעיאָג, איבערן גאַנצן ברעג. העט־העט, אַרויף האָט ער זיך צעיאָגט. היימי איז נאָכגעלאָפן, מוליק איז נאָכגעלאָפן, ריפ־קעלע, גאַסי, אַרעלע און פּעט זיינען נאָכגעלאָפן. אָבער קיינער ווען

פאַר לאַבזיקן איז דאָס געווען אַ גרויסע איבערלעבונג. ער האָט געהאָווקעט פון פרייד, געוויזן קונצן, געדרייט זיך, אַרומגעלאָפן איבערן וואַגאָן, און גאָרניט געוואוסט וואָס צו טאָן פון גרויס געדולע.

דערפאַר אָבער, אַז די קינדער זיינען אָנגעקומען אין קוני־איילאַנד און לאַבזיק האָט דערזען אַ געוואָלד מיט מענטשן אויף די גאַסן, האָט ער זיך דערשראָקן, שטילער געוואָרן און זיך געטוליעט צו ריפקעלען.

ווען מען איז אַרויף אויפן זאַמד און דאָס הינטעלע האָט צום ערשטן מאָל דערזען דעם גרויסן יאַם מיט די בייזע כוואַליעס, וואָס האָבן זיך געריסן צום ברעג, האָט ער זיך שוין טאַקע גאָר דערשראָקן.

שפּעטער אַ ביסל האָט לאַבזיק באַשלאָסן, אַז עפּשער איז זיך ניטאָ וואָס צו שרעקן, ווייל די קינדער שרעקן זיך אויך ניט. זיי שפּילן אין באַל, לויפן אַרום איבערן זאַמד אין די באָד־קאָסטיומען. די באָד־קאָסטיומען האָבן די קינדער אָנגעטאָן נאָך אין דער היים. אַלץ וואָס זיי האָבן געדאַרפט טאָן, ווען זיי זיינען געקומען צום ברעג, איז אויסטאָן די אייבערשטע קליידער און — פאַרטיק.

נו, אַז דאָס הינטעלע האָט שוין געזען, ווי די איבעריקע שפּילן זיך אַזוי שיין, האָט ער זיך שוין געמאַכט האַרץ און זיך אויך געשפּילט. צום יאַם האָט ער אַפילו ניט געוואָלט קוקן. לאַבזיק האָט, ווייזט אויס, ניט ליב קיין יאַמען.

ס'וואָלט שוין עפּשער לאַבזיקן געווען גוט אויפן זאַמדיקן ברעג, און מען וואָלט שוין ווי ס'איז פריילעך פאַרבראַכט, ווען ניט אַן אַנדער צאָרע: די קינדער האָבן פּלוצלונג זיך אויפגעהערט צו שפּילן. זיי זיינען אַלע צוגעגאַנגען נאָענט צום וואַסער. אָבער דאָס איז נאָך אויך גאָרניט. לאַבזיקן איז עפּעס ניט געפעלן געוואָרן, וואָס אַלע קוקן צו שטאַרק אויף אים. אַלע קוקן דאָס אויף אים און שמייכלען עפּעס.

— קום מיט מיר, לאַבזיק, — מאַכט היימי און ציינגט דעם הינטעלע צום יאַם.

אָבער ניט לאַבזיק וועט גיין. וואָדען, אַ נאַר וועט ער זיין?

— קום מיט מיר, — מאַכט גאָסי.

— קום מיט מיר, — מאַכט פעט.

אָבער וואָס מערער די קינדער מאַכן „קום מיט מיר", אַלץ ווייטער רוקט ער זיך אָפּ פון זיי.

— קום מיט מיר, — מאַכט שוין מוליק.

# לאַביזיק אין קוני־אײלאַנד



ייִמי דעם געלן איז איינגעפאַלן, אַז מען דאַרף לאַביזיקן אויסלערנען שווימען. מוליק האָט גע־טראַכט, אַז ס׳איז טאַקע אַ גוטער פּלאַן. פאַרוואָס טאַקע ניט? לאָז זיך לאַביזיק אויסלערנען שווימען. ווייל אַז מען קאָן שווימען, קומט צונוץ.

— אויב אַזוי, — מאַכט הייִמי און שנייצט זיך אויס די נאָז, — פאָרן מיר מאָרגן אַלע אין קוני־אײלאַנד.

— זייער גוט, — מאַכט מוליק.

— זייער גוט, — מאַכט אויך ריפקעלע און פרייט זיך שטאַרק, וואָס מען וועט פאָרן אין קוני־אײלאַנד, ווייל אין דזשעקסאָן עווענױ איז אַזוי הייס און אַזוי דושנע, אַז מען קאָן אַזש ניט כאַפּן דעם אָטעם.

— אַ קאַפּאָרע, — גיט בערל דער אָפּערייטאָר אַ זיפּץ, — ווען איך אַרבעט ניט מאָרגן, פאָר איך אויך מיט מיין ווייב מאַלין אין קוני־אײלאַנד.

— מיר וועלן פאָרן, מיר וועלן פאָרן, — טרייסט אים זיין ווייב מאַלי. — זונטיק, אַז מיר וועלן זיין געזונט, וועלן מיר פאָרן.

לאַביזיק, פאַרשטייט זיך, האָט ניט געוואוסט, וואָס אַזוינס איז דער קוני־אײלאַנד, און וואָס מען וויל דאָרטן טאָן. אָבער איין זאַך האָט ער געוואוסט, אַז מען קלייבט זיך ערגעץ.

גאַנץ פרי, איידער נאָך די זון איז ריכטיק אַרויס אויפן הימל, איז שוין הייִמי געקומען מיט אַרעלען, מיט פּעטען, מיט גאָסין, מיריעמלען, יאַנקלען, כייעמען, אַוורעמלען און זונין. אַ גאַנצע כאַפּטע קינדערלעך פון דזשעקסאָן עווענױ, מיט סענדוויטשעס, מיט באַנאַנעס, מיט עפּל, באַרן און פלוימען. מוליק, ריפקע און לאַביזיק זיינען שוין אויך געווען גרייט מיט זייערע פּעקלעך סענדוויטשעס, באַנאַנעס, עפּל, באַרן און פלוימען.

וועל איך אייך שוין ניט דערציילן די גרויסע רייזע, וואָס די קינדער האָבן דורכגעמאַכט מיט דער באַן, וואָס איז געלאָפן אונטער דער ערד, און דערנאָכדעם אַרויס אויף דער פרייער וועלט, און געלאָפן איבער אַלע הייזער גלייך קיין קוני־אײלאַנד.

פֿאַרמאַכן די מענטשן די אויגן, נוריען זיך איין די קעפּ איינער אין אַנדערן און וואַרטן שוין מיט קלאַפּנדיקע הערצער.

אָבער פּלוצלונג אַ צעמישעניש אַף דער זייט פֿון די פּאַליסלייט.

— היט זיך, היט זיך! — שרייט אוים אַ קעפּטן.

וואָס זשע איז געווען די מייסע? לאַבזיק האָט געזען, ווי ס׳פּליט אַזאַ זאַך, ווי אַ באַל, האָט ער אַ שפּרונג געטאָן אין דער לופֿטן און האָט דאָס געפּאַקט אין די ציינדלעך. און אַז ער האָט דאָס שוין געהאַט אין די ציינדלעך, פֿאַרוואָס זשע זאָל ער דאָס ניט וואַרפֿן צוריק? איז ער ווידער, שנעל ווי אַ וויכער, פּונקט ווי ס׳וואָלט טאַקע געווען אַ באַל, געלאָפֿן צוריק צו דעם פּאַליסמאַן, וואָס האָט דאָס געוואָרפֿן, און דאָס אַראָפּגעוואָרפֿן פֿאַר זיינע פֿיס. פּלאַצט די באָמבע, ווערט אַ רויך. הויבן זיך אָן די פּאַליסלייט צו שטיקן און צו ניסן.

האַקלאַל, ס׳איז שוין געווען אַן עמעסער געלעכטער. די אַרבעטער האָבן געזען, אַז אַ הינטעלע כאַפּט די באָמבע, פֿאַרוואָס זשע זאָלן זיי ניט כאַפּן, אַז זיי האָבן נאָך צוויי הענט דערצו?

די פּאָליסלייט האָבן נעבעך געוויינט מיט ביטערע טרערן, שוין גאָרניט געקענט אויפֿטאָן און זיך צעלאָפֿן.

דער סאָף איז געווען, אַז דער עלטסטער פֿון דער רעליף ביוראָ האָט נעבעך געדאַרפֿט אַליין אַרויסגיין פֿאַרן אוילעם און זיך פֿאַרנויגן, אָנגעשריען קלוימערשט אַף די פּאַליסלייט, וואָס זיי האָבן געוואָלט וואַרפֿן באָמבעס. און אַז מען האָט אים געזאָגט, אַז זיי וועלן ניט אָפּטרעטן, ביז ער וועט זיי צוזאָגן געבן רעליף, האָט ער זיך דערשראָקן און גלייך צוגעזאָגט.

איז געוואָרן אַ גרויסער הוראַ, און מען האָט געשריען:

— לעבן זאָל בערל דער אָפּערייטאָר, אונדזער פֿירער! לעבן זאָל אויך דאָס הינטעלע לאַבזיק!




— אַט דאָס וואָס זיי שווייגן איז אַ שלעכטער סימען. עפּעס ווילן זיי אונדז אָפּטאָן.

און ער איז טאַקע געווען גערעכט. בערל האָט נאָך ניט פֿאַרענדיקט זיינע ווערטער צו זיין ווייב מאַלין, ווי אַ פּאָליסמאַן גיט פֿונדערווייטנס אַ מאַך מיט דער האַנט, גיט אַ צעוויג די האַנט, גיט אַ פֿייף אין דער לופֿטן אַ קליינטשיק באָמבעלע, ווי אַ באָל די גרויס. אַזאַ באָמבעלע, וואָס ווען זי פּלאַצט ווערט אַ רויך, מענטשן הויבן זיך אָן צו שטיקן, צו ניסן און צו וויינען. ווערט אַ גרויסער טומל. בערל שרייט:

— פֿאַרמאַכט די אויגן, פֿאַרשטעלט זיך מיט די הענט די פּענימער.

פינצטערניש, פון פינצטערניש צו גרויקייט, פון גרויקייט צו בלויקייט, פון בלויקייט צו ווייסקייט, פון ווייסקייט צו ליכטיקייט.

ליכטיק אַף דזשעקסאָן עוועניו. די זון איז אויך געקומען אַף דער דעמאָנסטראַציע. יאָ, אַט דאָס האָט מען טאַקע באַשלאָסן נעכטן אַפּן מיטינג, אַז בערל זאָל פירן אַלע הונגעריקע צו דער רעליף ביוראָ און מאָנען רעליף, דאָס הייסט הילף פאַר זאַשען מיט אירע קינדער, פאַר שיפרען מיט ביבין און פאַר אַלע איבעריקע.

נו, צו דעמאָנסטראַציעס איז שוין לאַבזיק צוגעוואוינט. ער איז שוין געווען אַף אַ סאַך דעמאָנסטראַציעס. אָבער שטענדיק, צו יעדער דעמאָנסטראַציע, ווערט לאַבזיק באַניים פריילעך. ער האָט ליב, אַז עס זיינען דאָ אַ סאַך מענטשן און אַלע קוקן אַף אים. פאַרשטייט זיך, אַז ניט אַלע קוקן אַף אים, אָבער לאַבזיקן ווייזט זיך שטענדיק אויס, אַז קיינער האָט שוין גאָרניט וואָס צו טאָן, נאָר קוקן אַף לאַבזיקן.

דאָס מאָל זיינען זיך שוין צונויפגעקומען אַ סאַך מערער מענטשן, ווי באַ די פריערדיקע דעמאָנסטראַציעס. ווייזט אויס, אַז פיל מענטשן הייבן שוין אָן צו פאַרשטיין, אַז ווען מען נעמט זיך צונויף אַלע צוזאַמען פילט מען זיך שטאַרקער.

די מאַמע מאַלי האָט געטראָגן די אַמעריקאַנער פאָן. בערל מיט לאַבזיקן האָבן געשפּאַנט פאָרויס און נאָך זיי עפּשער פינף טויזנט מענטשן — מענער, פרויען און קינדער.

מען איז אָנגעקומען צו דער רעליף ביוראָ. נו, פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן שוין געוואַרט. ווער האָט געוואַרט? די וואָס וואַרטן שטענדיק אַף אַלע אַרבעטער דעמאָנסטראַציעס — פּאָליסלייט גראָבע, געזונטע, אַף פערד, צופוס און אין אָטאָמאָבילן. לאַבזיק דערשמעקט גלייך, אַז דאָ וועט זיין פריילעך, שפּיצט ער אָן די אויערן, לויפט מיט די אייגעלעך אַהין און צוריק.

„מיר ווילן רעליף, מיר ווילן ברויט, מיר ווילן הייזער צום וואוינען. מיר האָבן דאָס ברויט געבאַקן, מיר האָבן די הייזער געבויט — גיט אונדז רעליף“, — שרייט די דעמאָנסטראַציע.

שווייגן די פּאָליסלייט, טוען גאָרניט. שטענדיק וואַרפן זיי זיך און שלאָגן, איצטער אָבער טוען זיי גאָרניט. האָט די דעמאָנ־סטראַציע ניט פאַרשטאַנען, וואָס די פּאָליסלייט שווייגן, בערל האָט אָבער יאָ פאַרשטאַנען און ער האָט אַ מאַך געטאָן צו זיין ווייב מאַלין:

נעמט לאַבזיק, טוט אַ שפּרונג אין דער לופטן און כאַפּט דעם באַל אין די ציינדלעך.

— איצטער וואַרף אים מיר צוריק — הייסט היימי דער געלער.

וואַרט ניט לאַבזיק און ווי אַ וויכער, מיטן באַל אין די ציין, לויפט ער צוריק צו היימין, און גיט אים אַ וואַרף אונטער צו זיינע פיס.

דערוויל גייט די מאַמע אַרויס אינדרויסן, טוט זי אַ קוק אַף לאַבזיקן, ווי ער פאַרייסט דאָס קעפּל אַף צוריק מיטן באַל אין מויל. דאָס האָט ער אומיסטנע אַזוי פאַריסן דאָס קעפּל, קעדיי דעם באַל בעסער אַ וואַרף טאָן צו היימין. צעלאַכט זיך די מאַמע מאַלי אַף אַ קאָל. דערהערט דאַרטן מוליק אין קיך, ווי די מאַמע לאַכט, שטעקט ער אַרויס דעם קאָפּ דורכן פענצטער און צעלאַכט זיך אויך אַף אַ קאָל. דערהערט מען אין אַנדערע אָפענע פענצטער, ווי מען לאַכט, שטעקן זיי אויך אַרויס די קעפּ און מען צעלאַכט זיך אויך. האָקלאַל, גאַנץ דזשעקסאָן עוועניו האָט יענעם פאַרנאַכט געלאַכט און גע-ל-אַ-כ-ט.

יאָ, וואָס זשע האָט מען באַשטימט אַפן מיטינג? וועט איר זען מאָרגן. דערוויל עסט מען וועטשערע באַ בערלען אין הויז. אַזוי ווי בערל האָט נאָך געהאַט אַ ביסל אַרבעט, האָט מען נאָך געקענט עסן וועטשערע. פאַרשטייט זיך, אַז די מאַמע מאַלי האָט אויך שיפרען מיט ביבין ניט פאַרגעסן.

האָט מען אָפּגעגעסן וועטשערע, געשמועסט נאָך אַ ביסל און זיך געלייגט שלאָפן. לאַבזיק האָט זיך דער ערשטער געלייגט, און ווי באַלד ער האָט נאָר פאַרמאַכט איין אייגעלע, אַזוי איז ער טייקעף אַנטשלאָפן געוואָרן. אַ קליינקייט, ווי ער דערהאָרגעט דאָס אַ טאָג. איז ער געשלאָפן און געכראָפּעט.

לאַבזיק כראָפּעט אויך, ווען ער שלאָפט, אָבער די איינציקע מיילע איז, וואָס ער קען ניט הערן בעשאָס ער שלאָפט, ווי ער אַליין כראָפּעט. אַז ניט, וואָלט ער שוין גוט זיך אָנגעהאָווקעט אַף זיך אַליין.

יאָ, לייגט זיך שוין בערל אין בעט. לייגן זיך שוין מאַלי און ריפקע און מוליק. לייגט מען זיך שלאָפן אין פיל הייזער אין דזשעקסאָן עוועניו. אָבער — ווער ס׳ווערט טאָקע אַנטשלאָפן, און ווער ס׳קען ניט ווערן אַנטשלאָפן. אַז מען עסט ניט און דער מאָגן איז ליידיק, איז זייער שווער איינצושלאָפן. און אַף דזשעקסאָן עוועניו זיינען יענעם אָוונט געווען פיל מענטשן מיט ליידיקע מאָגנס.

אָבער די נאַכט גייט זיך דערוויל. גייט פון פינצטערניש צו

דערוויל, ווען דער מיטינג קומט פֿאַר, שפּילט ריפקעלע מיט מיריעמען אין באַל אויף דער גאַס.

וואָס זשע, איר קענט ניט מיריעמען? ס׳איז דאָך זאַשעס אַ טעכטערל.

יאָ, שפּילן זיי באַל. ריפקע וואַרפט דעם באַל צו מיריעמען, כאַפּט דאָס מיריעם אין ביידע הענט. וואַרפט מיריעם דעם באַל צו ריפקעלען, כאַפּט דאָס ריפקעלע אין ביידע הענט, און אַזוי אַהין און צוריק. לאַבזיק שטייט און קוקט. פליט דער באַל צו ריפקעלען, דרייט ער אוים זיין קעפּל צו ריפקעלען. פליט דער באַל צו מירימען, דרייט ער אוים זיין קעפּל צו מיריעמען.

איי, וואָלט לאַבזיק אויך געוואָלט שפּילן באַל. נאָר גיי, אַז ער איז ניט פֿון די מענטשלעכע קינדער. קוקט ער, דרייט דאָס קעפּל אַהין און צוריק און איז מעקאַנע.

דערוויל קומט אָן היימי דער גלעזער מיט די זומער־שפּרענקעלעך אויפֿן פּאַנעם. היימי דער גלעזער, ווי איר ווייסט שוין, טראָגט זיך שטענדיק אַרום מיט סוידעס און מיט פּלענער. זעט ער ווי לאַבזיק שטייט אַזוי, קוקט צו און איז זיי מעקאַנע, וואָס זיי שפּילן באַל. פֿאַלט אים איין אַ נייער פּלאַן, שנייצט ער זיך גוט אוים די נאָז און רופט זיך אָן:

— איך דענק, ריפקע און מיריעם, אַז לאַבזיק וואָלט געשפּילט באַל בעסער פֿון אייך.

— גיי שוין, גיי, — מאַכט ריפקע. — לאַבזיק גאָר! ווי אַזוי קאָן גאָר לאַבזיק שפּילן באַל, אַז ער האָט ניט קיין הענטלעך צו כאַפּן?

— פונדעסטוועגן זאָג איך אייך, — מאַכט ווידער היימי דער גלעזער, — אַז יאָ. גיט נאָר אַהער דעם באַל.

גיט אים ריפקע דעם באַל. שרייט אוים היימי:

— לאַבזיק, שטעל זיך אַנידער אַנטקעגן מיר.

מאַכט ניט לאַבזיק קיין סאָך טיינעס און שטעלט זיך אַנידער אַנטקעגן היימין.

— ווייטער אַ ביסל, — ווייזט אים היימי מיט דער האַנט.

ווייטער — איז ווייטער. ס׳קאָסט דען לאַבזיקן עפּעס?

— נו, און איצט — שרייט היימי — כאַפּ דעם באַל. — און ער טוט אים אַ וואָרף אין דער לופֿטן.

# לאַבזיק לערנט זיך אויס כאַפּן אַ באַל



מען האָט בערלען פאַר קיין מעיאָר ניט אויסגעקליבן. פאַרוואָס? וועט איר פרעגן. אַזאַ טייערן מענטשן ווי בערלען, וואָס וואָלט געקענט טאָן אַ סאַך גוטס דער שטאָט. איז די מייסע אָבער, וואָס ניט אַלע אַרבעטער און אָרעמע מענטשן פאַרשטייען אַזאַ זאַך. לאָזן זיך נאָך אַלץ נאַרן פון פאַרשיידענע רייכע מענטשן, וואָס זאָגן צו אַלץ אין דער וועלט, אַבי מען זאָל אויס־קלייבן איינעם פון זייערע מענטשן פאַר מעיאָר.

איך זע, אַז אייך טוט באַנג, וואָס מען האָט בערלען ניט אויס־געקליבן פאַר מעיאָר. מיר טוט אויך באַנג און אַ סאַך מענטשן אין דזשערסאַן טוועניו, און אין אַנדערע עוועניוס און גאַסן, האָט באַנג געטאָן. אָבער פאַרפאַלן. לאָמיר אָבער האָפן, אַז דאָס צווייטע מאָל וועט מען וועט דאַרפן עמיצן אויסקלייבן פאַר מעיאָר, וועלן אַלע אַרבעטער און אָרעמע מענטשן שוין פאַרשטיין וועמען מען דאַרף אויסקלייבן.

אָבער ניט דאָס וויל איך אייך דערציילן. איך וויל אייך דערציילן ווי ס׳איז געווען ביטער אין פיל הייזער אַף דזשערסאַן עוועניו, ס׳איז פּאַשעט ניט געווען קיין מילך פאַר די קינדער. בײַ זאַשען אין הויז האָט מען שטאַרק אונטערגעהונגערט. אַוורעמעלע מיט די בּאָרוועסע פיסלעך איז גאָר געווען אינגאַנצן אויסגעטיקט פון הונגער. ער האָט שוין ניט געקענט לאַכן. די איבעריקע קינדער האָבן פון צייט צו צייט יאָ געקענט אַ לאַך טאָן, אָבער אַוורעמעלע האָט שוין ניט געקענט קיין לאַך טאָן.

שיפרע מיט ביבין האָבן געהונגערט. דער שוואַרצער אינגל נויעך מיט זיין שוואַרצער מאַמען דינאַן האָבן געהונגערט. ס׳איז געווען אַ גרויסער ראַכמאָנעס אַף פיל הייזער אין דזשערסאַן עוועניו, וואו ס׳איז פּאַשעט קיין ברויט ניט געווען.

זיינען איניקע מענטשן געלאָפן צו בערלען ער זאָל זיי געבן אַן איצעצ. האָט ער צונויפגערופן אַ גרויסן מיטינג אין אַ זאַל אַף פּראָספּעקט עוועניו. קומט טאַקע איצט פאַר דער מיטינג.

זיי זיינען געווען פאַרנומען מיט לייגן קאַלטע וואַסער צו די צעביסענע פּלעצער.

אַז לאַבזיק איז אַראָפּ, האָבן די מענטשן אים באַגעגנט מיט אַ גרויסן הוראַ.

— הוראַ! — האָבן זיי געשריען. — זאָל לעבן דאָס קלוגע הינטעלע לאַבזיק! זאָל לעבן דער כיינעוודיקער לאַבזיק!



ניט געקענט פאַרענדיקן, ווייל פון אויבן איז געפלויגן אַ פוילער עפּל און געטראָפן אים גלייך אין קאָפּ אריין.

ווערט אַ גרויס געשריי. הייבן זיך הונדערט קולאַקעס אַרויף צום זעקסטן שטאָק. לאַכן אָבער יענע אין די אָפענע פענצטער אָפן זעקסטן שטאָק און שטעקן אַרויס די צינגער.

ווישט זיך בערל אָפּ דאָס פּאָנעם. ער ווערט ניט אין קאָס. ער איז זייער רואיק. און זאָגט:

— לאָמיר זיך ניט מאַכן ווייסנדיק. דאָס זיינען כוליגאַנעס אונטער־געקויפט פון דעם רייכן מעיאָר. הערט בעסער מיינע רייד און פאַר־געסט אָן זיי.

גוט איז בערלען צו זאָגן פאַרגעסט אָן זיי. אַז יעדע מינוט פליט אַן אַנדער פוילער עפּל.

און לאַבזיק? לאַבזיק איז שוין ניטאָ. וואו זשע איז ער? ער איז שוין דאָרטן אָפן זעקסטן שטאָק. דורכגעשמוגלט זיך דורכן פּאָליסמאַנס פיס, אַ קוק צו טאָן, וואָס ער קאָן טאָן. קומט ער אַרויף אָפן זעקסטן שטאָק, איז גראָדע די טיר אָפן. גייט ער זיך אריין, זעט ער בלויז די פּלייצעס פון די מענטשן, ווייל זייערע פּענעמער שטעקן אין די פענצטער. טראַכט ער ניט לאַנג און . . .

— אוי! — צעשרייט זיך איינער.

— אוי! — צעשרייט זיך אַ צווייטער, און אַ דריטער, און אַ פערטער.

דאָס האָט לאַבזיק געביסן אין ריכטיקן פּלאַץ. שטאַרק געביסן. און אַז לאַבזיק ווערט אין קאָס איז שוין ניט אָפּצורייסן. באַזונדערס האָט ער זיך איינגעביסן אין איינעם אַ גרויסן באָכער מיט אַ רויט, שלעכט פּאָנעם. ער האָט זיך געדרייט, דער באָכער, ווי אַ ווירבער. און דער הינטעלע איז שטאַרקער געווען איינגעביסן אין זיין פלייש, ניט אָפּצערייסן.

— געוואַלד! — הייבט שוין אָן צו שרייען דער באָכער מיטן רויטן פּאָנעם.

איז דער פּאָליסמאַן אַרויף אָפן זעקסטן שטאָק, אַ קוק טאָן וואָס מען שרייט דאָרטן. האָט זיך לאַבזיק געוואָרפן אויך אָפן פּאָליסמאַן, אַזוי בייז איז ער געווען.

דעם סאָף ווילט איר וויסן? דער סאָף איז געווען זייער אַ גוטער. יענע איז שוין ניט געלעגן אינזינען וואַרפן פוילע עפּל און גיסן וואַסער.

בא איר דייען דער קאָפּ. קיינמאָל נאָך האָט זי ניט גערעדט צו אַזוי פיל מענטשן. זאָגט צו איר די מאַמע מאַלי:

— שעם זיך ניט, זאָשע לעבן, אַלע זיינען דאָ אייגענע מענטשן, אַזוי ווי איך און דו.

ווערט שוין זאָשע אַ ביסל שטאַרקער בא זיך און זי הייבט אָן:

— און איך בין אייך געקומען זאָגן, פאַרוואָס מיר דאַרפן אויסקלייבן בערלען פאַרן מעיאָר פון ניו יאָרק. אָט האָבן מיר איצט אַ מעיאָר אין שטאָט, הייסט ער באַקער. נו, איז ער זייער רייך. פאָרט אַרום אין גרויסע אָטאָמאָבילן. קויפט זיך אַלע טאָג אַן אַנדער היטל, לעבט זיך אַ גוטן טאָג. נו, אַרט דאָס אים, וואָס איך האָב ניט צו צאָלן קיין רענט און מען וואַרפט אַרויס מיך מיט מיינע קינדער אָפן שניי? אָבער בערלען דעם אָפּערייטאָר האָט יאָ געאַרט, און ער האָט מיך טאַקע געראַטעוועט.

אָבער אַזוי ווי זי רעדט, פּלוצלונג גיט זיך אַ גאָס אַרויף וואַסער ערגעץ פון אויבן אָף זאָשעס פּאָנעם. מיינען אַלע, אַז עפּשער גייט אַ רעגן. אָבער — פאַרוואָס זשע זאָל דער רעגן גראַדע גיין אָף זאָשען? פאַרייסט מען די קעפּ אַרויף, זעט מען ווי אָפן זעקסטן שטאָק פון אַ הויז, וואָס געפינט זיך ניט ווייט, לאַכן מענטשן פון די אָפענע פענצטער. דאָס איז געווען אומיסטנע אָנגעשטעלט פון דעם מעיאָר באַקערס מענטשן צו שטערן דעם מיטינג. ווערט דער אוילעם זייער אין קאָס, מאַכט מען קולאַקעס, מען הייבט די הענט אַרויף־צו־צו. אָבער זיי דאַרטן אויבן לאַכן דאָס גרעסטע געלעכטער.

דערווייל רופט אויס די מאַמע מאַלי:

— און איצטער, מיינע ליבע פריינד און פריינדינס, שטעל איך אייך פאָר דעם מעיאָר־קאַנדידאַט, בערלען דעם אָפּערייטאָר אַליין.

פאַרגעסט מען אין דעם, וואָס אויבן שטייען מענטשן און מאַכן כויזעק. ס׳ווערט אַ גרויס געפּאַטשעריי און פריילעכע אויסגעשרייען:

— לאַנג לעבן זאָל אונדזער צוקונפטיקער מעיאָר, בערל דער אָפּערייטאָר!

האַלט שוין בערל די עמעסע רעדע. ער קען זייער שיין רעדן, בערל. ער האָט אַ שטאַרק קאָל, טראָגט זיך זיין קאָל איבער אַלעמענס קעפּ:

— אַרבעטער און אָרעמע מענטשן! — שרייט ער אויס. — מען האָט אונדז שטענדיק גענאַרט, שטענ . . . — ער האָט שוין דאָס וואָרט

אַ גרויסער פֿאָן. און אָף דער פֿאָן איז געווען אויסגעמאָלן בערל דער אָפּעריימאָר. און אונטן איז געווען אָנגעשריבן: „קלייבט אים אויס פֿאַר מעיאָר. ער וועט שוין זיין דער עמעסער מעיאָר.“

לאַבזיק געהערט אויך צו דזשעקסאָן עוועניו, איז ער טאַקע אָנגעקומען מיט די דזשעקסאָנער. (זאַשע האָט געטראָגן די פֿאָן. איר באַק איז שוין ניט געווען אַרומגעבונדן, ווייל ס'האָבן איר דעמאָלט ניט ווייַ געטאָן די ציין.)

אין יענעם פֿאַרנאַכט האָט לאַבזיק זייער שטאַרק מעקאַנע געווען די מענטשלעכע באַשעפֿענישן, וואָס פֿאַרמאָגן הענט. איי, ווען ער זאָל האָבן הענט, וואָלט ער דאָך געטראָגן די פֿאָן מיטן גרויסן בילד. קיינער וואָלט ניט געזאָגט ניין.

מען האָט שוין געוואוסט, אַז דער מעיאָר־קאַנדידאַט אַליין, דאָס הייסט בערל דער אָפּעריימאָר, וועט אַרויסטרעטן אָפֿן מיטינג און וועט רעדן צו די בראָנקסער מענטשן. און אַזוי ווי מען האָט שוין בערלען געקענט אין דער לענג און אין דער ברייט, אומעטום אין די בראָנקס, אַפֿילו אין באָסטאָן ראָוד, און אין פּאַקס סטריט, און אין טרימאָנט עוועניו, און אין נאָך און נאָך גאַסן, זיינען דערפֿאַר זיך צונויפֿגעקומען אַזוי פֿיל מענטשן.

ס'איז געשטאַנען אַ פּלאַטפֿאָרמע און די מאַמע מאַלי איז געווען פֿאַרזיצערן. זי, הייסט דאָס, האָט פֿאָרגעשטעלט די רעדנער, און זיי האָבן געזאָגט, פֿאַרוואָס מען זאָל בערלען יאָ אויסקלייבן פֿאַרן מעיאָר פֿון ניו יאָרק.

פֿאַרשטייט זיך, אַז לאַבזיק איז אויך אַרויפֿגעקראָכן אָף דער פּלאַטפֿאָרמע און דאָרטן אויך געוואָלט שטיין. איין קלייניקייט, ס'איז דאָך זיין בערל. אָבער די מאַמע מאַלי האָט אים אַראָפּגעטריבן און לאַבזיק איז געוואָרן אומעטיק, וואָס מען האָט אים פֿאַרשעמט פֿאַר אַלע פֿרעמדע מענטשן.

די מאַמע מאַלי רופֿט זיך אָנעט:

— און איצטער, פֿריינד און פֿריינדינס, מענטשן פֿון די בראָנקס, וועל איך אייך פֿאָרשטעלן אַ פֿרוי, אַן אַרבעטער פֿרוי, וועמעס מאַן ליגט אין שפּיטאָל, ער איז קראַנק אָף די לונגען, און זי האָט פֿינף קינדערלעך, איינס קלענער פֿון אַנדערן.

פֿאַרשטייט זיך, אַז דאָס האָט זי געמיינט זאַשען. גייט אַרויף זאַשע אָף דער פּלאַטפֿאָרמע און דערזעט אַזאַ אוילעם, הייבט זיך אָן

# לאַבזיק און דער שלעכטער מענטש

יבער גאַנץ דזשעקסאָן עוועניו זיינען געווען אויס־געקלעפּט גרויסע פּאַפּירן מיט בערלס בילד, און אונטערן בילד איז געווען אָנגעשריבן: „קלייבט אויס בערל דעם אָפּערייטאָר פאַר מעיאָר פון שטאָט, ער וועט זיין דער בעסטער מעיאָר פאַר די אַר־בעטער און די אָרעמע מענטשן.“ ווען לאַבזיק האָט דאָס ערשטע מאָל דערזען בערלען אָפן פּלאַקאַט, האָט ער זיך דערשראָקן, זיך צעוואויעט און זיך שיר ניט צעוויינט, גאָרניט געקענט פאַרשטיין אַזאַ זאַך. איז ער אומיסטנע געלאָפן אין הויז אַ קוק טאָן, אויב בערל איז נאָך דאָ אַ לעבעדיקער אינדערהיים, אָדער ער איז שוין מערער ניטאָ קיין לעבעדיקער און בלויז געבליבן אַף די פּאַפּירן? יאָ, בערל איז נאָך דאָ אַ לעבעדיקער, טרינקט טיי און בריט זיך די ליפּן. איז לאַבזיק געוואָרן זייער פריילעך פון דעם, וואָס בערל טרינקט טיי און בריט זיך די ליפּן.

יאָ, די אַרבעטער און די אָרעמע פון בראָנקס — ווייסע און שוואַרצע, אידן און ניט־אידן — האָבן אָפּגעמאַכט אַזוי, אַז וואָס טויג זיי אַן אַנדער מעיאָר, וואָס איז אַליין אַ רייכער, בעסער וועלן זיי אויסקלייבן זייער אייגענעם מענטשן. און אַ בעסערער מעיאָר פון בערלען איז גאָרנישט ניטאָ. איז ער ניט געפאָרן קיין וואַשינגטאָן צום פּרעזידענט? איז ער ניט געזעסן אין טורמע צוליבן ברויט־סטרייק? און נאָך, און נאָך מיילעס. מוליק און ריפקע האָבן זיך זייער געגרויסט, וואָס די מענטשן ווילן, אַז זייער טאַטע זאָל זיין דער מעיאָר. לאַבזיק וואָלט זיך עפּשער אויך געהוען געגרויסט, האָט ער גאָרניט פאַר־שטאַנען.

נו, האָט מען אָנגעהויבן צו אַרבעטן פאַר בערלען, ער זאָל זיין מעיאָר. אומעטום וואו מען שטייט און וואו מען גייט — גרויסע פּאַפּירן מיט בערלס בילד: „קלייבט אויס בערל דעם אָפּערייטאָר פאַר מעיאָר.“

איז אַף פּראָספּעקט עוועניו פאָרגעקומען אַ גרויסער מיטינג. הונדערטער אַרבעטער, טאַטעס, מאַמעס און קינדער זיינען זיך צונויפ־געקומען פון אַלע אַרומיקע גאַסן. דזשעקסאָן עוועניו איז געקומען מיט

ארום אַ פינף הונדערט קינדער זיינען אָנגעקומען. קימאַט די גאַנצע פּאַבליק סקול, וואו מוליק און ריפקע האָבן זיך געלערנט. דאָס האָט זיי מוליק דערציילט וועגן סטרייק, און די קינדער האָבן באַשלאָסן, אַז ארום דריי אַזייגער, נאָכדעם ווי סקול ענדיקט זיך, קומען אַלע צוזאַמען אָף דזשעקסאָן עוועניו און העלפן דעם סטרייק.

און וואָס ווייטער איז געשען, איז מיר שוין אויך שווער אייך צו דערציילן. ווייל ס'איז געווען אַזאַ טומל אָף דזשעקסאָן עוועניו. די גאַס איז שוואַרץ געוואָרן פון קינדער. די פּאָליציי האָט זיך געוואָלט וואַרפן אָף די קינדער, האָבן די מאַמעס ניט געלאָזט, האָבן זיי זיך געוואָלט וואַרפן אָף די מאַמעס, האָבן די קינדער ניט געלאָזט.

בעשאַס אָף דער גאַס איז אָנגעגאַנגען דער טומל, איז בײַ מיסטער שטיינוועַרצל אין בעקערײַ פאָרגעקומען אַ מיטינג פון שטיינוועַרצלען מיט נאָך דריי בעקער באַסעס פון דער געגנט. וואָס דאָרטן איז פאָר־געקומען ווייסן מיר ניט, נאָר אין אַ האַלבער שעה אַרום האָט מען געזען אַ נייע שילד אין דער בעקערײַ־פענצטער. דאָרטן איז געווען אָנגעשריבן: „שוין, ברויט ניט צען סענט אַ פונט, נאָר אַכט סענט אַ פונט.“

נו, נו. פרעגט שוין ניט וואָס פאַר אַ הוראַ ס'איז געוואָרן. אָבער נאָך אַ גרעסערער הוראַ איז געוואָרן, ווען מיסטער שטיינוועַרצל איז נאָכדעם אין אַ שעה שפּעטער אָנגעקומען מיט אַ טעקסי, און פון דאָרטן האָבן אַרויסגעשפּאַנט פריער שטיינוועַרצל, דערנאָכדעם בערל. און אַרעלעם טאַטע, און היימי דעם געלנס טאַטע, און אַלע איבעריקע טאַטעס. האָט מען געהאַלטן אין איין שרייען: הור־ר־ר־ראַ! און הור־ר־ר־ראַ! און הור־ר־ר־ראַ!

מיסטער שטיינוועַרצל האָט זיך ניט געקאָנט דערוואַרטן ביז מען וועט ענדיקן די הוראַ־געשרייען, האָט ער אַראָפּגעלאָזט זיין פּלעצל־נאָז און אַוועקגעשפּאַנט אין זיין בעקערײַ.

אזוי האָבן געזונגען די פרויען פון דעם בלאָק. די פרויען פון די אַרומיקע בלאָקס, אַז זיי האָבן געהערט זינגען אַזאַ ליד, זיינען זיי געקומען צולויפן און געזאָגט איינע צו דער אַנדערער:

— דאָס לעבן איז טאַקע זייער שווער, אונדזערע מענער אַרבעטן נים און ברויט איז אַזוי טייער.

האָבן זיי זיך אויך אַנגעשלאָסן אין דער פּיקעט-ליניע און האָבן אויך מיטגעזונגען. איז געוואָרן די ריי גרעסער און גרעסער און מען האָט געשפּאַנט איינע נאָך דער אַנדערער און ניט אויפגעהערט צו זינגען.

נו, און לאַבזיק? ער איז געגאַנגען פאָרויס, אַלעמאָל אויסגעדרייט דאָס קעפּל און געזען, ווי עס וואַקסט די פּיקעט-ליניע. האָט ער זיך אַ ביסל איבערגענומען, ווייל ער האָט געטראַכט, אַז דאָס האָט ער דאָס אַלץ אויפגעטאָן.

נאָר פּלוצלונג — שאַ, מען האָט אויפגעהערט צו זינגען. די פרויען טוליען זיך איינע צו דער אַנדערער, די פרויען שטופּן זיך צונויף.

וואָס איז געשען? איר ווייסט שוין מיסטאָמע, וואָס עס איז געשען. זיי זיינען ווידער געקומען, די פּאָליסלייט, אין אַזאַ גרויסער צאָל, הונדערטער און הונדערטער. זיי האָבן אַרומגערינגלט די פרויען, ווי אין אַ ראָד. דערנאָכדעם האָט מען זיי אָנגעהויבן צו שטופּן. גע־שטופּט און געשטויסן, ביז מען האָט זיי אָפּגעשטופּט צו דעם צווייטן עק בלאָק. דאָרטן האָט זיך די ראָד ניט צעגומען, נאָר געבליבן שטיין און געהיט, אַז קיין איין פרוי זאָל זיך ניט דורכרייסן. שרייט די מאַמע מאַלי, שעלט און צאָרנט. אָבער ס'העלפט גאָרניט.

מיסטער שטיינוועָרצל שטייט בײַ דער טיר און לאַכט:

— אַ, אַ, — מאַכט ער, — אייך ווילט זיך טראָבל, ווילט זיך אייך?

לאַבזיק האָוקעט בייז אויף שטיינווערצלען, אויף די פּאָליסלייט. ס'איז אים זייער שלעכט. ער זעט שוין, אַז ס'איז אַ גרויסע צרה. אָבער, וואָס פּלוצלונג הערן זיך אַזוי פיל טריט פונדערווייטנס? זאָלן דאָס אָנקומען נאָך פּאָליסלייט? צוליב וואָס דאַרף מען זיי? קאַרג זיינען זיי שוין דאָ? אָבער דאָך הערן זיך טריט. אַ סאַך טריט, פון הונדערטער פיס.

פּלוצלונג:

— הו־ר־ר־אַ! הו־ר־ראַ! — שרייען פריילעך די מאַמעס.

וואָס איז געשען?

— פרויען פון דזשעקסאָן עווענין, אַלע ווי איינע צו דער בעקעריי! טוט אָן די סטרייק־פּלאַקאַטן.

פאָלגט מען זי און מען טוט אָן די סטרייק־פּלאַקאַטן. רופט זי זיך ווייטער אָן:

— מיין מאַן בערל האָט מיר געלאָזט וויסן, אַז אויב מען האָט די מענער פאַרשפּאַרט אין טורמע, דאַרפן די פרויען פאַרנעמען זייער פּלאַץ. פרויען קענען אויך סטרייקן.

— טאַקע! — רופט זיך אָן זאַשע — זע נאַר, געדעכט, כ׳לעבן. פאַרוואָס איז אונדז דאָס פריער נים איינגעפאַלן?

— וואָס פריער איז געווען, איז פאַרפאַלן — רופט זיך אָנעט די מאַמע מאַלי זייער שטרענג, — אָבער איצטער וועלן מיר סטרייקן. מיין מאַן בערל האָט געזאָגט, אַז איך זאָל זיין די פירערן.

— זיי דו די פירערן — רופט זיך אָן ארעלעס מאַמע, — אַבי ס׳זאָל זיין גוט.

— לאָמיר זשע זינגען אַ ליד, קעדיי ס׳זאָל אונדז זיין פריילעך, — רופט זיך ווידער אָן די מאַמע מאַלי.

— לאָמיר! — מאַכן אַלע.

שטעלן זיי זיך אין דער לענג, צו צווייַ אין אַ שורע, און מען זינגט אַזאַ ליד:

מיר זיינען די פרויען, וואָס וואַשן וועש און צירעווען זאָקן,
זאָלן מיר זשע גאָרנים זיין דערשראָקן.
מיר וועלן זיי נים לאָזן שינדן די הויט,
אַלע ווי איינע פאַר ביליקער ברויט.

מיר זיינען די פרויען, וואָס טוען די הויז־אַרבעט, קאָכן און ראַמען,
זאָלן מיר זיך דעריבער האַלטן אַלע צוזאַמען.
מיר וועלן זיי נים לאָזן שינדן די הויט,
אַלע ווי איינע פאַר ביליקער ברויט.

מיר זיינען די פרויען פון אַרבעטער און אָרעמע לייט,
שווער אונדזער לעבן אין אַזאַ ביטערער צייט.
מיר וועלן זיי נים לאָזן שינדן די הויט,
אַלע ווי איינע פאַר ביליקער ברויט.

— וואָס־זשע הייבט מען טאַקע אָן צו טאָן? — רופט זיך אָפּ ארעלעס מאַמע. — ס'איז שוין טאַקע גאָרניט דאָ קיין מיטל? קאָן דאָס טאַקע געמאָלט זיין?

ווייסט איר קיינער ניט וואָס צו ענטפערן. ס'ווערט שטיל. מען פרעגט שוין ניט קיין פראַגעס. מען קוקט בלויז מיט פאַרדרוס צו דער בעקעריי. בא דער טיר שטייט מיסטער שטיינוווערצל און זיין פלעצל־נאָז האַלט אין איין לאַכן.

דערוויל לאָמיר זיך אומקערן און זען, וואָס עס מאַכט דאָרטן לאַבזיק מיט בערלען. איז אָבער לאַבזיק גאָר ניטאָ אין טורמע־צעל. בלויז בערל זיצט זיך אויפן האַרטן בעטל און זינגט זיך אונטער אַ לידעלע.

וואו זשע איז טאַקע לאַבזיק? ע, ע, לאַבזיק איז שוין ווייט פון דאַנען. לאַבזיק איז שוין עפּשער אַף פּראָספּעקט עוועניו, און עפּשער גאָר טאַקע שוין אַף דער 162טער גאַס. ווער ווייסט? אַ הינטל אַז ער צעיאָגט זיך, איז ווי אַ ווינטער. פּאַרטאָג, ווען דער וועכטער איז געקומען און האָט אויפגעעפנט די שווערע טיר מיט די גראַטעס, האָט זיך לאַבזיק אומבאַמערקט אַרויסגעגליטשט און איז אַנטלאָפן.

געיאָגט האָט ער זיך איבער די בראָנקסער גאַסן מיט אַ בריוועלע אין די ציין, וואָס בערל האָט אָנגעשריבן מיט אַ בליישטיפט צו זיין ווייב מאַלין. קיינער וואָלט אָט דאָס בריוועלע בא אים ניט געקענט אַרויסשלעפּן, סיידן מען זאָל אים פריער טויטן.

אַזוי האָט ער זיך געיאָגט גאַס־איין, גאַס־אויס און ער האָט שוין ניט געהאַט קיין אָטעם, און דאָס האַרץ בא אים איז שיר ניט צעשפּרונגען געוואָרן, און געפילט האָט ער, אַז אָט, אָט און ער לייגט זיך אַוועק, גייט אויס. אָבער ער האָט זיך געיאָגט און געיאָגט ביז ער איז אָנגעקומען אין דזשעקסאָן עוועניו און אַרויפגעשפּרונגען גלייך אַף דער מאַמע מאַלי.

— האָסטו געזען אַ ווילדער! — איז די מאַמע מאַלי קלוימערשט אין כּעס, שלעפּט אַרויס דאָס בריוועלע פון הינטעלעס ציין און הייבט דאָס אָן צו לייענען. ווערט שטיל אין דזשעקסאָן עוועניו, אַלע פרויען פאַרהאַלטן די אָטעמס, און וואַרטן, און וואַרטן.

איבערגעלייענט דאָס בריוועלע, זאָגט ניט די מאַמע מאַלי, וואָס עס שטייט דאָרטן, נאָר זי רופט זיך אָן מיט אַ פּעסט קאָל:

מילך, צו דער רענט. וועט שוין אַ אונזעריקער גאָר אינגאַנצן ניט קענען לעבן.

— נו, גוט, — מאַכט ווידער בערל, — איז ליגן מיר דאָ. נו, און די מאַמע מאַלי? און מיין זון מוליק? און מיין טעכטערל ריפקע?

און די נאַכט גייט דערוויל, בערל רעדט און רעדט, לאַבזיק הערט און הערט, און ביידן איז אַזוי שווער אויפן האַרצן.

אָבער לאָמיר זיך אומקערן צו דזשעקסאָן עוועניו. יאָ, דזשעקסאָן עוועניו, פרעגט שוין גאָרניט, ווי טרויעריק גאַנץ דזשעקסאָן עוועניו איז געווען. און ניט אַזוי דאָס טרויעריק זיין, ווי מען האָט ניט גע־וואוסט וואָס צו טאָן. אַז מען האָט אַרעסטירט זייער פירער בערל דעם אָפּערייטאָר און — בערל איז ניט געווען דער איינציקער, ווען מען האָט אַרעסטירט. מען האָט אויך אַרעסטירט היימי דעם געלנס טאַטן, אַרעלעס טאַטע און נאָך אַ סאַך טאַטעס, וואָס האָבן אָנטייל גענומען אין ברויט־סטרייק. צווישן די ברויט־סטרייקער זיינען איצט געבליבן בלויז פרויען. איז געווען שווער אויף די מענער.

פונקט ווי בערל מיט לאַבזיקן אין טורמע האָבן ניט געקענט צו־מאַכן קיין אויג יענע נאַכט, אַזוי האָבן די מאַמע מאַלי מיט מוליקן און ריפקעלען ניט געקענט צומאַכן קיין אויג יענע נאַכט. די מאַמע מאַלי איז געווען אין געריכט, ווען דער ריכטער האָט בערלען פאַרזעצט אין טורמע אויף פינף טעג. זי האָט צו אים ניט געקענט רעדן, דער פּאָליסמאַן האָט ניט געלאָזט, אָבער דערפאַר האָט בערל צו איר אַ לאַך געטאָן מיט די אויגן. איצטער איז אָבער נאַכט און דער מאַמע מאַלין בענקט זיך זייער שטאַרק נאָך איר מאַן און ס'איז איר אומעטיק, רעדט זי צו די קינדער, וואָס שלאָפן איצט מיט איר אין איין בעט.

דאָ גייט דערוויל אַוועק די נאַכט און ס'קומט אויף דער פאַרטאָג. אַ גרינער פאַרטאָג מיט אַ ווייסן אינדרויסן.

גייט אַוועק דער גרינער פאַרטאָג און ס'קומט אויף דער ליכטיקער אינדערפרי. זיינען שוין אַלע פרויען אויף דער גאַס, קוקן צו דער־בעקעריי און שוויגן.

— וועט דאָס שוין אַזוי בלייבן, וועט מען שוין פאַר די קינדער דאַרפן שניידן קלענערע רעפטלעך ברויט, — זאָגט זאַשע מיט אַ זיפץ.

— אַז מיר וועלן זיך לאָזן — מאַכט די מאַמע מאַלי — וועט מיסטער שטיינוועצל אַרויפשיסן די פרייזן נאָך העכער. און די מילך־קאָמפּאַניעס, מיינט איר, וועלן שווייגן?

# לאַבזיק און די טורמע



ו, איז שוין געווען נאכט. בערל ליגט אַפֿן הארטן בעטל, וואָס אין טורמע-צעל. ער קען ניט איינשלאָפֿן. ער וואַרפֿט זיך אַהין און אַהער. און טראַכט, און טראַכט. לאַבזיק ליגט לעבן אים איינגענורעט און קען אויך ניט איינשלאָפֿן. ווייל אַז בערל קען ניט איינשלאָפֿן, ווי זשע קען ער אים לאָזן אַזוי?

בערל וויל צו עמיצן רעדן, האָט ער ניט צו וועמען צו רעדן. רעדט ער צום הינטעלע:

— נו, לאַבזיק — מאַכט ער — דו זעסט? אָט דאָס זיינען די באַסעס!

אַף דאָרויף ענטפֿערט לאַבזיק גאָרניט און גיט אַ זיפֿץ.

— אַ קאַפּאַרע! — רעדט ווייטער בערל.— האָרעווע אַפֿן שוואַרצן יאָר, קעדיי שטיינוווערצל זאָל קאָנען קויפֿן פּוטערלעך פֿאַר זיך און פֿאַר זיין ווייב. קיין שטיקל ברויט קאָן מען זיך שוין אויך ניט פֿאַרגינען. און אויב דיר געפֿעלט דאָס ניט, נעמט דער ריכטער און פֿאַרשפּאַרט מיך אַף פֿינף טעג טורמע. נו, לאַבזיק, דו זעסט שוין, וואָס עס הייסט גערעכטיקייט?

יאָ, לאַבזיק זעט שוין, וואָס אַזוינס הייסט גערעכטיקייט. אָבער אים אַרט ניט אַזוי פֿאַר זיך, ווי פֿאַר בערלען. דאָס הינטעלע פֿילט, אַז בערלען איז איצט זייער טרויעריק, דערפֿאַר רעדט יענער אַזוי פֿיל. לעקט אים לאַבזיק דאָס פּאָנעם.

— אַ קאַפּאַרע! לעק ניט, — שרייט קלוימערשט אָן בערל. — איך האָב פֿיינט, אַז מען לעקט מיך.

נו, הערט לאַבזיק אויף צו לעקן, אָבער זיינע אויגן בלייבן אָפֿן אין דער פֿינצטער, זיינע אויערן אָנגעשפּיצט, און ער הערט זיך צו צו יעדן ריר, וואָס בערל מאַכט.

— איז אַזוי — מאַכט בערל ווידער, ווי ער וואָלט גערעדט צו זיך אַליין — איז אַזוי, גוט, וועלן מיר אָפּזיצן אין טורמע די פֿינף טעג. אָבער וואָס וועט זיין מיטן ברוים-סטרייק? און אַז מיר וועלן פֿאַר-שפּילן דעם ברויט-סטרייק, וועלן זיי זיך נעמען צום פֿלייש, צו דער

בלייבן אַן לאַבזיקן? שטייט אַזוי לאַבזיק זייער פאַרלוירן, זייער אַן אומעטיקער.

שאַ, אָבער וואָס האָט לאַבזיק פּלוצלונג אָנגעשפּיצט די אויער־לעך? פאַרוואָס? ער האָט עפּעס דערהערט. ער קען שווערן, אַז ער האָט דערהערט בערלס שטימע. מאַכט ער זיך שטיל, שטיל, און פּונקט ווי אַ גאַנעוו, אַזוי הייבט ער זיך אָן צו גאַנווענען אין אַ טיר אַריין, פונוואַנעט ער האָט געהערט בערלס שטימע.

דערווייל שטייט בערל פאַר אַ טיש, באַם טיש זיצט אַ פּאָליסמאַן מיט אַ פּען און פרעגט און פאַרשרייבט.

— ווי אַזוי הייסטו?

— וואו וואוינסטו?

— בא וואָס אַרבעטסטו?

און נאָך פראַגן, און נאָך פראַגן. אַן אַ שיר פראַגן. אויסגעפרעגט אַלץ, הייסט דער פּאָליסמאַן בערלען זיך אַוועקזעצן אױף אַ באַנק און אויסוואַרטן, ביז מען וועט אים פירן צום ריכטער.

זעצט זיך אַנידער בערל אויף דער באַנק. פילט ער זיך אַ ביסל אומעטיק און פאַרזאָרגט. לאָזט ער אַראָפּ דעם קאָפּ און טראַכט. און אַזוי ווי ער טראַכט, דערהערט ער עמיצער זיפצט. ער קען שווערן, אַז ס'איז אַ באַקאַנטער זיפץ. ער גיט אַ קוק . . . . . דאַרף איך אייך שוין דערציילן — ווער? לאַבזיק שטייט זיך אַזוי שטיל מיט אַזויפיל ראַכמאָנעס און קוקט אױף בערלען, שאָקלט מיטן ווידעלע, פינטלט מיט די אייגעלעך. נו, פאַרשטייט זיך, אַז בערל האָט זיך צעשמייכלט מיט אַ גרויסן שמייכל און אַ זאָג געטאָן:

— אַ קאַפּאַרע! דו, לאַבזיק, ביזט שוין דער ריכטיקער פאַרשוין.



צו אַ הויז מיט אַ פֿאַרמאַכט טויער. גיט דאָס פֿאַרמאַכטע טויער זיך אָן עפֿן, לאָזט אַריין דעם וואָגן. און איידער וואָס ווען—פֿאַרהאַקט זיך דאָס טויער זייער שנעל, גלייך אונטער לאַבזיקס נאָז.

קאַוואַוטשעט דאָס הינטעלע, גראַבלט מיט די פֿיסלעך דאָס טויער. אָבער—וואָס קען ער שוין מאַכן? אַז ס'איז אַזאַ שווערער טויער, פֿון שטאָל געמאַכט.

דערוויל דערזעט לאַבזיק אַ צווייטע טיר, נאָענט דערביי, וואוהין מענטשן גייען אַריין און אַרויס. גייט זיך דאָס הינטעלע אויך אַריין, אַ קוק טאָן דאָרטן, עפּשער איז דאָך פֿאַראַן אָן אייצע. איז דאָרטן דאָ אַ גרויסער האָל און אינעווייניק טרעפּ, וואָס פֿירן אַרויף, אַרויף. לאָזט זיך דאָס הינטעלע אויף די טרעפּ אַרויף, אַרויף. פֿירן די טרעפּ אין אַ גרויסן צימער, וואו אויף די בענק זיצן אַ סך מענטשן, און אויבנאָן אויף אַ שטול זיצט איינער אין אַ שוואַרצן מאַנטל, זייער גרויס באַ זיך. לאַבזיק ווייסט ניט, אַז דער מענטש אין שוואַרצן מאַנטל איז אַ ריכטער און אַז דער צימער איז אַ געריכט-הויז. אָבער דאָס גייט אים סיי ווי סיי ניט אָן. ניט דאָס דאַרף ער האָבן. די טרעפּ אָבער ענדיקן זיך ניט אָט-דאָ לעבן גרויסן צימער. זיי פֿירן ווידער אַרויף, אַרויף. לויפֿט ער מיט די טרעפּ אַרויף, אַרויף און קומט אָן אין אַ צווייטן צימער. דער צימער איז אַ ביסעלע אַ קלענערער, און דאָרט זיצן אַ פּאָר פּאָליסלייט און שפּילן אין קאָרטן. גייט דאָס אים אויך ניט אָן. שטעלן זיך די טרעפּ דאָ אויך ניט אָפּ, נאָר זיי גייען ווידער אַרויף, אַרויף. לויפֿט לאַבזיק אַרויף, אַרויף, שטאָק נאָך שטאָק, ביז ס'ענדיקן זיך שוין די טרעפּ און ס'הייבט זיך אָן דער דאַך.

שטייט ער אויפֿן דאַך און ס'איז אַזאַ שיינער שניי אויף אַלע אַנדערע דעכער און אַזוי ליכטיק, אַזאַ גרויסע זון. אָבער אויך דאָס גייט אים ניט אָן. ער שטייט אַ פֿאַרלוירענער, אַן עלנטער. פֿאַרייסט דאָס קעפּל צום הימל און וואָיעט און וואָיעט. אַזוי ווי ער וואָיעט דערזעט ער פּלוצלונג פֿייער-טרעפּ . הערט ער אויף וואָיען און לאָזט זיך מיט די פֿייער-טרעפּ אַראָפּ, אַראָפּ.

קומט ער אַרויס אין אַ הויף אַריין און אין הויף שטייט דער פּאָליס-וואָגן שוין אַ ליידיקער. בערל געפֿינט זיך שוין, ווייזט אויס, ערגעץ אַנדערש. אין הויף זייַנען דאָ אַ סך טירן און די טירן פֿירן ערגעץ. אָבער אַז לאַבזיק דאַרף האָבן אַזאַ טיר, וואָס ס'זאָל אים פֿירן צו בערלען דעם אָפּעריימאָר. ווייל ווי קען בערל דער אָפּעריימאָר

און לאַבזיק? פרעגט שוין ניט, ווי דאָס הינטעלע האָט צעאַרבעט. לאַבזיק, אַז ער דערזעט אַ סאַך מענטשן, האָט ער זיך ליב אויסצושטעלן און באַרימען זיך. ער איז געגאַנגען פאָרויס, ווי אַ גענעראַל, און גע־האַווקעט. ער האָט זיך געשטעלט אַף די פאָדערשטע פיסלעך, ער האָט געשאָקלט מיט די אויערן און געדרייט מיטן ווידעלע. ווי פּלוצ־לונג — שאַ, שטיל. פּענעמער ווערן בלאַס און דערשראָקן, פּענעמער דרייען זיך אויס צוריק צו־וועגס.

דאָס הערן זיך שווערע טריט פון פיל פיס. טראַ־טאַ־טאַ, טראַ־טאַ־טאַ. עס הערן זיך ווילדע קוויטשען פון די פּאָליציי סירענעס. עס הערט זיך דאָס טופּעף פון צענדליקער פערדישע פיס.

זיי גיבן זיך אַ רייס אַריין. זיי הייבן אָן צו וואַרפן זייערע פלעקער גלייך אַף די מענטשנס קעפּ. די מאַמע מאַלי איז געפאַלן אין שנײ. זאַשע האָט אָנגעהויבן צו קוויטשען:

— געוואַלד, און געוואַלד.

מענטשן אַנטלויפן אין די האָלס. שויבן ברעכן זיך. עס דרייט זיך, ווי אַ שטורעם־ווינט דער גאַנצער בלאָק.

און לאַבזיק? וואָס קען שוין טאָן לאַבזיק קעגן אַזוי פיל פּאָלים־לייט? ער פּרובירט בייסן, רייסן, גיט מען אים אַ בריקע, אַ טרעט אַפן קאָפּ, מאַכט ער אַליין אַ גרויס געוואַלד. אָבער פּלוצלונג דערזעט דאָס הינטעלע אַזאַ זאַך, וואָס דאָס בלוט אין זיינע אָדערן ווערט פון דעם פאַרקילט. ער דערזעט, ווי דריי פּאָליסלייט האָבן אַ כאַפּ געטאָן בערלען דעם אָפּערייטאָר. וויל ער צולויפן און ניט לאָזן. איז שוין צו שפּעט. מען האָט אים אַריינגעוואָרפן אין אַ פּאָלים־וואָגן. דער טרייבער האָט אַ קוועטש געטאָן דאָרטן, וואו מען דאַרף, און דער פּאָלים־וואָגן האָט זיך געלאָזט יאָגן, מיט ווילדע קוויטשערייען פון דער סירענע.

ווערט שוין לאַבזיקן זייער ניט גוט און ער הייבט אָן נאָכצויאָגן דעם וואָגן. דער וואָגן, ווי אַ ווירבער, טראָגט זיך אַרויף, אַרויף. לאַבזיק מיט אַ פאַריסן ווידעלע אויך אַרויף, אַרויף. דער וואָגן פאַר־קערעוועט אין אַן אַנדער גאַס, לאַבזיק פאַרקערעוועט אויך אין אַן אַנדער גאַס. ער קאָן שוין ניט אָטעמען, לאַבזיק. ער פילט ווי ער וועט אַוועקפאַלן. און דאָ יאָגט זיך דער וואָגן איבער נאָך גאַסן און געסלעך, פאַרקערעוועט זיך און פאַרדרייט זיך. ביז דער וואָגן פאַרט

# לאַבזיק און דער פּאַליס־וואַגן



גאַנצע נאַכט איז געפאַלן דער שניי. גאַנץ־פרי איז אַרויס די זון און ס׳איז געוועזן ליכטיק און ווייס אין דזשעקסאַן עוועניו. לאַבזיק האָט זיך אַזוי שטאַרק געפרייט, וואָס עס איז ליכטיק און ווייס, אַז ער האָט גאָרנים געוואוסט, וואָס צו טאָן פון פרייד. אַריין אין גרויסן בעט, און אַ בים געטאָן דער מאַמע מאַלין אין נאָז אַריין. האָט יענע, פאַרשטייט זיך, אים געגעבן דעם עמעסן פּסאַק. האָט ער אַ כאַפּ געטאָן בערלס שקאַרפּעטקע פון רעכטן פוס און אַנטלאָפן מיט דעם אין קיך. איז בערל נאָכגעלאָפן מיטן רעכטן פוס אַ באַרוועסער און געשריען:

— אַ קאַפּאַרע! דו לאַבזיק, רוצכל. גיב אָפּ די שקאַרפּעטקע.

האָט דאָס הינטעלע אַ האַווקע געטאָן, ווי ער וואָלט זיך אַ רייץ געטאָן, און איז אַנטלאָפן מיט דער שקאַרפּעטקע אין באָד־צימער. איז בערל אויך אַהין נאָכגעלאָפן, איז לאַבזיק אַרויס און אַרויף אין קיך אָפן פענצטער.

האָקלאָל, ס׳איז דעם שוין געווען עמעס פריילעך, און אַלץ צוליב דעם, וואָס אינדרויסן איז אַזאַ ווייסער שניי און אַזאַ ליכטיקע זון.

שפּעטער איז לאַבזיק געוואָרן נאָך פריילעכער. ווייל אָף דזשעקסאָן עוועניו זיינען אָנגעקומען אַזוי פיל מענטשן. פון אַלע גאַסן אַרום און אַרום. די שכיינים פון די אַרומיקע גאַסן האָבן געהערט וועגן ברוים־סטרייק, האָבן זיי געוואָלט זען מיט זייערע אייגענע אויגן אַ ברוים־סטרייק, און אויך האָבן זיי זיך געוואָלט אויסלערנען, ווי מען מאַכט אַ ברוים־סטרייק. ווייל עפּשער וועט דאָס צונויץ קומען אין זייערע גאַסן. די צייט איז אַזוי שלעכט. מען אַרבעט ניט. דער רעליף גיט אַזוי ווינציק, אַז ס׳קלעקט גאָרניט. און אַלץ איז אַזוי טייער.

האָקלאָל, הונדערטער מענער, פרויען און קינדער האָבן זיך צונויפגענומען אַרום דער בעקעריי. זאַשע מיט אַ פאַרבונדענער באַק (די ציין האָבן איר באַניי אָנגעהויבן ווי צו טאָן פון נעכטיקן דערשרעק), און ווידער אַמאָל די מאַמע מאַלי, דער טאַטע בערל, נויעכס מאַמע, הײמי דעם געלנס טאַטע, און פיל אַנדערע טאַטעס און מאַמעס.

לאַבזיק זעט ניט די פּאָליסלייט, ווייל זיי זיצן דאָך אויבן אַף די פערד. וואָס לאַבזיק זעט איז די פיס פון פערד. די פערד זיינען, ווייזט אויס, געווען געלערנט, האָבן זיי געשטופּט מיט זייערע ברוסטן און געבריקעט מיט זייערע פיס די סטרייקער. זאַשע האָט זיך דערשראָקן און איז אַנטלאָפן. די איבעריקע ניט. די איבעריקע האָבן געשריען:

— אַוועקעט, אַוועקעט, איר באָסעס קאָזאַקן!

דאָס פערד שטופּט מיט דער ברוסט די מענטשן. טרעט אָן אַף די פיס. ס'טוט וויי, מען שרייט. און נאָך מערער האָט ווי געטאָן דער מאַמען מאַלי, ווייל זי האָט געהאַט אַזאַ מין הינער־אויג אַפן פוס, וואָס אַז מען רירט דאָס בלויז אָן, שרייט זי געוואַלד, און ווער שמועסט נאָך, אַ פערדס אַ פוס. גיט לאַבזיק אַ כאַפּ מיט די ציינדלעך דעם געמיינעם פערדס פוס. גיט דער פערד אַזש אַ ציטער פון וויטיק און כאַפּט אַוועק דעם פוס. גיט אים לאַבזיק אַ כאַפּ אַריין דעם צווייטן פוס, גיט זיך יענער איינגאַנצן אַ הויב אין דער לופטן. לאָזט לאַבזיק ניט אָפּ, גיט אַ שפּרונג אין דער לופטן און כאַפּט אים אָן אינמיטן בויך. קלערט שוין דאָס פערד ניט קיין סאַך, גיט זיך אַ ריס, גיט זיך אַ יאָג, און אַנטלויפט שנעל און גיך, צוזאַמען מיטן פּאָליסמאַן, וואָס וויל אים איינהאַלטן באַם צוימל, אָבער — ס'העלפט ניט. אַנטלאָפן דאָס פערד. דערפרייט זיך דער אוילעם און שרייט:

— הור־ר־ר־ראַ!

דערזעט דאָס צווייטע פערד, ווי דער כאַווער זיינער איז אַנטלאָפן, שרעקט עס זיך אויך פון דעם גרויסן הור־ר־ראַ. טראַכט עס ניט קיין סאַך און גיט זיך אויך אַ צעיאָג און אַוועק אין אַ גאַלאָפּ. ווערט שוין דער הור־ר־ר־ראַ נאָך שטאַרקער. די פּאָליסלייט וואָס האָבן ניט קיין פערד גיבן זיך אַ לאָז אַף די סטרייקער, הייבן אָן צו פליען פון די פענצטער שאָלעכין פון אייער און קאַליע טאָמייטעס און אַפילע אַלטע שיך.

נו, פאַרשטייט זיך, אַז די איבעריקע פּאָליסלייט האָבן געמוזט נעבעך מאַכן דעם גרויסן אַנטלויף. און דזשעקסאָן עוועניו האָט אויפגעהויבן דאָס גרויס געלעכטער און געלאַכט און געל־אַ־כ־ט איבער גאַנץ בראָנקס.

אָבער ס'איז נאָך ניט אַלץ. וואָס ווייטער איז געשען — אין דעם צווייטן מייסעלע.

אבער מיטזינגען ניט. איז שוין געווען עמעס פריילעך אף דזשעקסאָן עוועניו, ווי פלוצלונג מיטאַמאָל ווערט שטיל, זייער שטיל. וואָס איז געוואָרן אַזוי שטיל? און פאַרוואָס האָט לאַבזיק אָנגעהויבן צו שאַרפֿן די ציינדלעך און אָנגעהויבן צו ברומען אין זיך, טיף אין בייכל? דאָס האָבן זיך באַוויזן צוויי רייטער פּאָליסלייט אף די פערד און עטלעכע פּאָליסלייט צופוס.

— אוי ווײ, פּאָליסלייט! לאָמיר לויפן — האָט זאָשע אַ געשריי געטאָן.

האָט בערל אַ געשריי געטאָן צוריק זייער בייז:

— ניט קיין טריט! אַלע אף די פּלעצער.

זיינען זיי אַלע געבליבן אף די פּלעצער און געהאַלטן אין איין גיין אַהין און צוריק.

מיסטער שטיינוווערצל, דער באָס, איז אַרויס פון זיין בעקעריי. דערזען, אַז די פּאָליסלייט זיינען שוין דאָ, איז ער געוואָרן שטאַרק בייז.

— וואָס דאַרפט איר דאָ? — האָט ער אַ געשריי געטאָן.

— מיר פּיקעטן — ענטפערט אים בערל קלאָר — ווייל דו האָסט אַזוי טייער געמאַכט דעם פּרייז פון ברויט, אַז מיר קאָנען דאָס ניט נאָכקומען.

— וואָס זאָל איך אייך טאָן? — צעוויינט זיך באַ אים די נאָז — ס׳קאָסט מיך אַליין טייערער. איך דערלייג גאָר געלט.

— דערלייגסט און דערלייגסט, און פונדעסטוועגן אַ מינקענעם פוטער-מאַנטל טראָגט דיין ווייב. און זע וואָס איך טראָג — רופט זיך אָן זאָשע.

— שאַראַפּ! — צעבייזערט זיך זיין פּלעצל נאָז. — זי וועט מיר גאָר גיין זאָגן דייעס, וואָס איך זאָל קויפן פאַר מיין ווייב.

— נו, וואָס וועלן מיר זיך גיין אויסטיינען? — מאַכט די מאַמע מאַלי. — זאָל ער אַראָפּלאָזן די פּרייזן פון ברויט, וועלן מיר אַראָפּלאָזן די סטרייק-פּלאַקאַטן און מיר וועלן גיין אַהיים. ער מיינט, אַז מיר טוען דאָס פאַר פאַרגעניגן וועגן.

ענטפערט שוין גאָרניט מיסטער שטיינוווערצל, גיט אַ וואונק צו די פּאָליסלייט, און זיי הייבן זיך אָן רוקן נעענטער און נעענטער.

— צעגאַנגען זאָל ווערן! — מאַכן די פּאָליסלייט מיט זייערע דעמבענע פּלעקלעך.

דעמאָלט ווען מען האָט אים אָפּגעגאָסן מיט הייס וואַסער. איז אַ שטילינקער, אַ נעבעכדיקער האָט ער זיך אומגעקערט אַהיים. איז שוין געווען נאָכן מיטינג. בערל מיט די זייניקע זיינען שוין געלעגן אין די בעטן. האָט זיך לאַבזיק אויך געלייגט אונטער ריפּקעלעס בעט, ניט געקענט צומאַכן קיין אויג און לאַנג, לאַנג געטראַכט וועגן זיין טרויעריק לעבן: אַז מען שרייט אַף אים „שאַראַפּ", פּונקט ווי ער וואָלט געווען אַ כ'זוייס זוער. אַנטשלאָפן געוואָרן איז ער זייער אַן אומעטיקער.

אינדערפרי, וואָלט ער עפּשער נאָך אַלץ געווען אַן אומעטיקער, איז אָבער שוין ניט געווען קיין צייט, ווייל ער האָט דערזען, אַז ס'טוט זיך עפּעס אין דזשעקסאָן עוועניו. (איך האָב אייך גאָר פאַרגעסן צו דערציילן, אַז אַף דזשעקסאָן עוועניו איז געווען אַ גרויסע בעקעריי, וואו אַלע פרויען פון דעם בלאָק האָבן געקויפט ברויט.)

בערל, מאַלי, שיפרע, זאַשע, היימי דעם געלנס טאַטע, נויעכס מאַמע, און אַרעלעס מאַמע, און לייעס מאַמע, און נאָך, און נאָך מאַמעס און טאַטעס זיינען געגאַנגען אַהין און צוריק פאַר דער בעקעריי, גע־טראָגן אַף די פּלייצעס און אַף דער ברוסט פּלאַקאַטן.

„מיר קאָנען ניט צאָלן אַזוי טייער פאַר ברויט, איר מוזט דאָס מאַכן ביליקער." אַזוי איז געווען אָנגעשריבן אַף די פּלאַקאַטן, וואָס די מענטשן האָבן געטראָגן. פאַרשטייט זיך, אַז לאַבזיק האָט ניט גע־וואוסט, אַז ס'שטייט אַזוי אָנגעשריבן, ווייל ער קאָן דאָך ניט לייענען, אָבער איין זאַך האָט ער יאָ געוואוסט, אַז וואָס ס'זאָל דאָרטן ניט שטיין געשריבן, איז מיסטאָמע ריכטיק.

נו, ווי קען שוין איצט לאַבזיק זיין אומעטיק און טראַכטן וועגן טוצין, אַז מען דאַרף אויך גיין אַהין און צוריק צוזאַמען מיט די ברויט־סטרייקער. אַ סאַך פרויען פון דזשעקסאָן עוועניו זיינען געשטאַנען פונדערווייטנס און זיך צוגעקוקט. זיי וואָלטן אויך געדאַרפט אָנטאָן אַף זיך די „ברויט־סטרייק" פּאַפּירן און מיטגיין מיט די איבעריקע. אָבער זיי האָבן מוירע געהאַט. ניט אַלע קענען דאָך זיין אַזוי בראַוו ווי בערל, מאַלי, שיפרע, זאַשע, היימי דעם געלנס טאַטע, נויעכס מאַמע און די איבעריקע.

בערל האָט אָנגעהויבן צו זינגען אַ ליד און אַלע האָבן אונטער־געכאַפּט, אַפילו די, וואָס זיינען געשטאַנען פונדערווייטנס האָבן אויך אונטערגעכאַפּט דאָס ליד, ווייל סטרייקן האָבן זיי טאַקע מוירע געהאַט,

# לאַבזיק און דאָס פערד



שניי אינדרויסן און ס'איז באַנאַכט. קליינע שנייעלעך פאַלן און פאַלן. לאַבזיקן איז אַזוי גוט, וואָס די שנייעלעך פאַלן און פאַלן. ער כאַפּט די שנייעלעך מיט אַן אָפן מויל און שלינגט זיי. וואָס מערער ער שלינגט, אַלץ מער וויל ער נאָך און נאָך.

ס'איז דער ערשטער שניי אין דזשעקסאָן עוועניו, און בא בערלען אין הויז איז אַ מיטינג. אָפן מיטינג איז פאַראַן זאָשע (שוין ניט מיט קיין צוגעבונדענער באָק: אירע ציין האָבן שוין, ווייזט אויס, איר אויפגעהערט וויי צו טאָן). שיפרע איז אויך דאָ אָפן מיטינג, און היימי דעם געלנס טאַטע, און נויעך דעם שוואַרצנס מאַמע, און נאָך, און נאָך טאַטעס און מאַמעס. אָבער לאַבזיק האָט פיינט מיטינגען. פאַר־שטייט סיי ווי סיי ניט, וואָס מען רעדט דאָרטן. האָט ער זיך אַרויס־געכאַפּט אינדרויסן.

איז אַזאַ שיינער שניי און דאָ דערמאָנט זיך פּלוצלונג לאַבזיק אין טוצין. טוצי מיט די געקרייזלטע ווייסע האָר און מיטן רויטינקן באַנטיקל אַרום האַלדז. האָט ער לאַנג ניט געטראַכט, פאַרקאַטשעט ס'זוידעלע און זיך צעיאָגט גיך, גיך, גלייך צו יענער זייט פאַרקל, צום שיינעם הויז, וואו טוצי האָט געוואוינט.

זיינען די פענצטער דאָרטן ליכטיק. פאַרייסט ער דאָס קעפּל אַרויף־צו און הייבט אָן צו האַווקען. יאַוועט זיך טוצי אַף אַ ווײַלע באַם פענצטער און קוקט אַרויס. אָבער בלויז טאַקע אַף אַ ווײַלע, ווײַל די רייכע פרוי האָט זי, ווייזט אויס, טייקעף צוגענומען פון דאָרטן.

ווערט לאַבזיקן מיטאַמאָל זייער טרויעריק און דאָ גייט נאָך אַרויס די לעוואָנע אָפן הימל. דער שניי האָט אויפגעהערט צו פאַלן, האָט זיך באַוויזן די לעוואָנע. אַזאַ גרויסע לעוואָנע. ווערט לאַבזיקן פון דער גרויסער לעוואָנע נאָך טרויעריקער. פאַרייסט ער דעם האַלדז צום הימל און הייבט אָן צו בילן, אַזוי אויסגעצויגן און דין:

— וואו־ו־ו־ו, וואו־ו־ו־ו.

עפנט מען דאָס פענצטער און מען טוט בייז אַ געשריי:

— שאַראַפּ! (דאָס הייסט — שאַ זאָל זיין!)

איז פון דעם „שאַראַפּ" האָט ער זיך נאָך ערגער באַליידיקט, ווי

„מאָרגן־פרייהייט“? און אַליין קען ער זיך ניט נעמען? ער האָט כאָס וועכאַלילע קיין סייכל ניט? שפרינגט ער אַרויף אַפן געשטעל, וואו די צייטונגען ליגן, גיט אַ כאַפּ אַ צייטונג אין מויל און לאָזט זיך שוין צוריק. לויפט אַריין אַ פריילעכער אין הויז אַריין, און גלייך צו בערלען, וואָס ליגט צעלייגט אין בעט און פוילט זיך. גיט בערל אַ נעם צו פון אים די צייטונג, הוסט זיך אויס, צעשפּרייט זיך זייער באַקוועם אין בעט. .

אָבער פלוצלונג — בערל קוקט אַף אים מיט גרויסע בייזע אויגן. בערל גיט אַ שפּרונג אַרויס פון בעט מיט שטורעם. בערל שרייט צו לאַבזיקן:

— אַזוי גאָר? וועסט טרייבן פון מיר שפּאַס? איך וועל דיר שוין געבן!

פאַרשטייט זיך, אַז לאַבזיק איז שוין באַלד ניטאָ. דערשמעקט אַז ס'איז שלעכט, איז ער אַנטלאָפן טיף אונטערן בעט. דערווייל לויפט אַריין פון קיך די מאַמע מאַלי, עס לויפן אַריין מוליק און ריפקעלע:

— וואָס איז? וואָס איז דאָ געשען?

— נאָ, קוקט, — שרייט בערל ניט מיט זיין קאָל, — קוקט וואָס פאַר אַ צייטונג דאָס געמיינע הינטל האָט מיר געבראַכט. טפו, — שפּייט ער אויס.

גיבן זיי אַלע אַ קוק אַף דער צייטונג און זעען, אַז ס'איז—אַ הוירסט צייטונג. שפּייען זיי אויך אויס און הייבן אויך אָן צו שרייען אַפן אָרעמען לאַבזיקן, און לאַבזיק ווינטשעוועט אַף זיך דעם טויט. ער ווייסט, אַז ער האָט דאָ עפּעס אָפּגעטאָן ניט קיין גוטע זאַך, אָבער וואָס, ווייסט ער ניט. טראַכט ער אַ טרויעריקער:

ווייַ, וויי, וואָס פאַר אַ נאַריש הינטעלע איך בין. ווי ס'איז שלעכט צו לעבן אַף דער וועלט. אוי, ס'וועט שוין פון מיר קיין לייט ניט זיין.

— ווערסט שוין באַלד האָבן די „מאַרגן־פרייהייט“, — זאָגט די מאַמע מאַלי, און נעמט און שרייבט אָן אַ צעטעלע, לייגט דאָס אַריין לאַבזיקן צווישן די ציינדלעך און זאָגט צו אים: „צו מוישע יוינען אין קענדי־סטאָר.“

ווייסט גלייך לאַבזיק, וואָס מען וויל, און לאָזט זיך אַרויס אַ פריילעכער מיטן צעטעלע אין מויל גלייך צו מוישע יוינען אין קענדי־סטאָרקע. דערזעט מוישע יוינע דאָס צעטעלע אין לאַבזיקס מויל, נעמט ער דאָס אַרויס, לייענט דאָס איבער. צעלאַכט ער זיך פון דעם שיינעם איינפאַל, נעמט אַ „מאָרגן־פרייהייט“ און לייגט דאָס אַריין דעם הינ־טעלע צווישן די ציינדלעך. לויפט לאַבזיק צוריק אַ פריילעכער מיט דער „מאָרגן־פרייהייט“ אַהיים. איז בערל גליקלעך, פאַרקנייטשט די נאָז אין גרויס צופרידנקייט, הוסט זיך אויס, צעלייגט זיך זייער באַ־קוועם אין בעט מיט דער „מאָרגן־פרייהייט“ און מאַכט אַלעמאָל:

— אַ־אַ־אַ.

דאָס קוויקט ער זיך מיט די שיינע זאַכן, וואָס זיינען דאָ אין דער „מאָרגן־פרייהייט“. פרייט זיך אַוואָדע לאַבזיק אויך, וואָס בערל פרייט זיך, און וואָס ער, אַפילו אַ הינטעלע, קען ברענגען אַזאַ גרויסן נוצן אַף דער וועלט.

אַזוי איז געווען זונטיק נאָך זונטיק. לאַבזיק האָט שוין פאַרזאָרגט בערלען מיט דער „מאָרגן־פרייהייט“.

נו, איז געקומען נאָך אַ זונטיק אינדערפרי. אַזוי האָט געדאַרפט פאַסירן דעם זונטיק אינדערפרי אויך. ניט עמעס? אָבער גייט ווייסט. לאַבזיק לויפט מיטן צעטעלע צו מוישע יוינען. מוישע יוינע וועט אים געבן די „מאָרגן־פרייהייט“, וועט ער זי ברענגען אַהיים, וועט בערל ליגן אין בעט און זיך קוויקן מיט איר, וועט דאָס הינטעלע זיך פילן שטאָלץ, וואָס ער ברענגט נוצן אַף דער וועלט.

איז שוין לאַבזיק מיט איין שפרונג דאָ מיטן צעטעלע באַ מוישע יוינען אין קענדי־סטאָר. איז אָבער מוישע יוינע ניטאָ, ער איז ערגעץ אין הינטערשטן צימער. דערזעט פון דאָרטן לאַבזיקן, שטרעקט ער אויס די האַנט און מאַכט:

— איין מינוט, לאַבזיק, אָט קום איך גלייך אַרויס.

אָבער אָט וועט לאַבזיק באַלד גיין וואַרטן איין מינוט, ביז יענער וועט אַרויסקומען. אַז בערל דאַרף וואָס גיכער די „מאָרגן־פרייהייט“. אַכוץ דעם, וואָס דאַרף ער גאָר, אַז מוישע יוינע זאָל אים געבן די

איצטער אויך ניט, וואָס בערל וויל. אָבער וואָס ער פאַרשטייט יאָ, איז אַז בערלס נאָז איז אַראָפּגעלאָזט און אויסגעצויגן. גייט דורך די מאַמע מאַלי, גיט אַ קוק אָף איר מאַן און גיט אַ מאַך:

— האָסט געזען, וואָס ליגסטו מיר עפּעס אַ ברויגעזער?

— אַ קאַפּאָרע, ברויגעז גאָר, — פאַרענטפערט זיך בערל, — וואָס גאָר פּלוצלונג ברויגעז?

— דאָס וויל איך טאַקע וויסן, — מאַכט די מאַמע — וואָס גאָר ברויגעז?

— אָ, ס'איז עפּשער דערפאַר, — רופט זיך אָן בערל, — וואָס איצטער, ליגנדיק אַזוי אין בעט, וואָלט געוועזן זייער גוט אַ לייען צו טאָן די „מאָרגן-פרייהייט".

— ווער זשע לאָזט דיך ניט אַ לייען טאָן די „מאָרגן-פרייהייט"?

— ענטפערט זי אים קידער-ווידער.

— מען לאָזט מיך טאַקע לייענען די „מאָרגן-פרייהייט", אָבער וואו זשע נעמט מען אַ „מאָרגן-פרייהייט"?

— וואו מען נעמט? — ענטפערט די מאַמע מאַלי. — בּאַ מוישע יוינען אין קענדי-סטאָר זיינען פאַראַן גענוג „מאָרגן-פרייהייטס".

— יאָ, איך ווייס, — פאַרענטפערט זיך דער טאַטע, — דאַרף מען דאָך נעמען און אַראָפּגיין די טרעפּ און קומען אין קענדי-סטאָר.

— נו, נעמט מען און מען גייט אַראָפּ, — גיט די מאַמע אַן אייצע.

— יאָ, — מאַכט בערל שוין אַביסל אין קאַעס, — „נעמט מען און מען גייט אַראָפּ". איז מען דאָך אָבער פויל. זונטיק האָב איך ליב צו זיין פויל.

— נו, אַז מען איז פויל, האָט מען ניט אין מויל, — ענטפערט די מאַמע מאַלי און גייט אַוועק אין קיך.

זעט איין בערל, אַז זיין ווייב מאַלי איז טאַקע גערעכט, אַז מען איז פויל האָט מען ניט אין מויל, נעמט ער שוין נעבעך, קריכט אַראָפּ פון בעט און וויל זיך שוין אָנטאָן די שיך, יאַוועט זיך ווידער די מאַמע מאַלי און זאָגט קלוימערשט בייז:

— וואָס זשע, דו גייסט טאַקע?

— יאָ, איך גיי, — ענטפערט דער טאַטע, און מען זעט, אַז ער וויל גראָדע ניט גיין.

— נו, גוט, ליג, ליג, — ענטפערט די מאַמע מאַלי שוין ליבלעך.

— נו, און די „מאָרגן-פרייהייט"? — פרעגט דער טאַטע.

# לאַבוזיק און די „מאָרגן־פֿרייהייט"



אַבוזיקס ליבע צו ריפּקעלען איז זייער גרויס. ער האָט זי ליב, ווי אַן אייגן שוועסטערל.

לאַבוזיקס ליבע צו בערלען איז ווי צו אַן אייגענעם טאַטן. ער, לאַבוזיק, וועט קיינמאָל ניט פֿאַרגעסן יענעם פֿאַרנאַכט, אָט יענעם טרויעריקן רעגנדיקן פֿאַרנאַכט, ווען ער, אַ יאָסעם, אַן עלנטער, אַ הונגעריקער, אַ פֿאַרפֿרוירענער, אַ דורכגענעצטער איז געלעגן אַף דער פּלאַטפֿאָרמע פֿון דזשעקסאָן עווענוי סאַבווי און קיינער האָט אים ניט געוואָלט העלפֿן. איז געקומען בערל דער אָפּערייטאָר, דער גוטער מענטש מיט די לאַכנדיקע אויגן, און אים געראַטעוועט. אָן בערלען, וואו וואָלט ער שוין איצטער געווען? איז דערפֿאַר האָט ער אים אַזוי ליב. ער האָט זייער ליב צו קוקן אַף בערלס נאָז.

ס'איז מיר שווער אייך אויסצומאָלן די נאָז, נאָר לאַבוזיק אַז ער קוקט אַף דער נאָז, ווייסט ער שוין, ווען בערל איז בייז און ווען בערל איז פֿריילעך. טאָמער פֿאַרקנייטשט זיך די נאָז, ווייסט לאַבוזיק אַז בערלען איז שוין גוט, אַז ער וועט באַלד אַ שפּאַס טאָן מיט די קינדער, צי מיטן ווייב, צי טאַקע מיט לאַבוזיקן אַליין. טאָמער אָבער ווערט די נאָז אַראָפּגעלאָזט און אויסגעצויגן. ווייסט שוין לאַבוזיק, אַז ס'איז שלעכט, אַז בערל איז עפּעס אומצופֿרידן.

איז אַ זונטיק אינדערפֿרי. דורכן פֿענצטער גייט אַריין די זון און לייגט זיך אַנידער אונטערן טיש. נעמט לאַבוזיק און לייגט זיך טאַקע אַף דער זון, וואָס אונטערן טיש, און קוקט פֿון דאָרטן אַף בערלס נאָז. בערל ליגט אַפֿן בעט, ער האָט זיך שוין אויסגעשלאָפֿן, אויסגעגענעצט: האַ־האַ־האַ. זיך אַרומגעוואַשן, אָפּגעגעסן און זיך נאָכאַמאָל צוגעלייגט. דאַרף דאָך בערלען איצט זיין גוט, האַ? ניין, לאַבוזיק דערקענט אָבער, אַז בערלען איז איצט ניט גוט. אַז עס פֿעלט אים עפּעס. וואָס עס פֿעלט אים, ווייסט ניט לאַבוזיק. וואָס זשע מיינט איר, אַז לאַבוזיק איז טאַקע אַזאַ כאַכעם, וואָס זאָל וויסן אַבסאָלוט אַלצדינג? נאָך דאָ גענוג זאַכן, וואָס דאָס הינטעלע הייבט ניט אָן צו פֿאַרשטיין. פֿאַרשטייט ער

געשלאָפֿן, אַזוי אַ הונגעריקער געשלאָפֿן. האָט זאָשע גענומען דעם עפּל און אים פֿאַרבאַהאַלטן, אַז מאָרגן אינדערפֿרי, ווען אַוורעמעלע וועט זיך אויפֿכאַפּן, וועט זי אים געבן דעם עפּל און ער וועט עסן.

אַלע זיינען זיך צעגאַנגען פֿריילעכע, וואָס מען האָט אָפּגעטאָן אַזאַ גוט שטיקל אַרבעט, און בערל האָט זיך געזעצט פֿאַרענדיקן די וועטשערע. און לאַבזיק? לאַבזיק, פּונקט ווי אַוורעמעלע מיט די באָרוועסע פֿיס, האָט זיך טייקעף גענומען שלאָפֿן. איין קלייניקייט — אַזאַ שווערן טאָג אַרבעט דורכגעמאַכט, איז ער געשלאָפֿן. געשמאָרעט מיטן נעזל און געמאַכט:

— וואָ־ו־יו, וואָ־ו־ו־יו.



איז אַז די מאַמע מאַלי האָט דערזען, אַז דער טאַטע בערל האָט געכאַפּט אַ טיש, האָט זי גלייך געכאַפּט אַ בענקל. איז אַז מוליק האָט דערזען, אַז דער טאַטע בערל האָט געכאַפּט אַ טיש און די מאַמע מאַלי אַ בענקל, האָט ער גלייך אויך געכאַפּט אַ קישן. איז אַז ריפקע האָט געזען, אַז דער טאַטע בערל האָט געכאַפּט אַ טיש, די מאַמע מאַלי אַ בענקל, דער ברודער מוליק אַ קישן, האָט זי געכאַפּט אַ קאָלדרע. איז אַז לאַבזיק האָט געזען, אַז דער טאַטע בערל און אַזוי ווייטער, און ווייטער, האָט ער געכאַפּט אין די ציינדלעך אַ ריב־אייזן. און אַז די איבעריקע מענטשן פון דזשעקסאָן עוועניו האָבן דאָס דערזען, האָט יעדער איינער געכאַפּט, וואָס עס האָט זיך געלאָזט: דער אַ ווענטל פון בעט, דער אַ פאַרהאַנג, דער דעם אַלטן גראַמאַפאָן. מען איז אַרויף צום דריטן שטאָק און צוריק אַריינגעשטעלט ס׳גאַנצע מעבל פון הויז, צעשטעלט אַלץ אַפן פּלאַץ. דערנאָכדעם האָבן די שכיינעס אָנגעהויבן צו טראָגן: די—ברויט, די—מילך, די—אַ זויערע אוגערקע, דער—אַן עפּל. און זאָשע האָט זיך צעוויינט פון פרייד, און באַדאַנקט אַלעמען, אַלעמען. די קינדער זיינען געווען הונגעריק, האָבן זיי געגעסן. אוורעמעלע דער באָרוועסער איז אויך געווען הונגעריק, אָבער ער האָט שוין ניט געקענט עסן, ווייל ער איז



נו, אַז דער טאַטע בערל איז אַרויסגעלאָפן, איז שוין די מאַמע מאַלי אויך אַרויס נאָך אים, און מוליק, און ריפקע. און אַז די שכיינים פון אַנדערע וואוינונגען האָבן געהערט ווי מען לויפט, זיינען זיי אויך אַרויסגעלאָפן. און אַז די שכיינים פון אַנדערע הייזער אין בלאָק האָבן דערהערט אַז מען לויפט, זיינען זיי אויך אַרויס. זיינען שוין געלאָפן עפּשער הונדערט מענטשן. לאַבזיק פאָרויס, נאָך אים בערל, נאָך בערלען די מאַמע מאַלי, נאָך דער מאַמע מאַלי מוליק און ריפקע, נאָך זיי די איבעריקע.

איז בערל אָנגעקומען צו דעם פּלאַץ און האָט דערזען זאַשען מיט די קינדער זיצן אַף די קישנס. איז ער געוואָרן בייז און אַ געשריי געטאָן:

— אַזוי גאָר די מייסע! וואָס האָט איר מיר פריער ניט געזאָגט? נעמט גלייך יעדער איינער וואָס ער קאָן און טראָגט דאָס גלייך אַריין אין הויז אַריין.

שטייען אַלע מענטשן פונדערוויטנס און שווייגן, ווייל זיי האָבן מוירע, אַז ס׳קענען נאָך אָנקומען פּאָליסלייט און זיי אַרעסטירן.

— וואָס שטייט איר ווי די גוילעמס? — צעשרייט זיך בערל און כאַפּט דער ערשטער דעם טיש.



שאַטן צו זיין געזונט. אָבער מיט לאַבזיקן האָט מאַלי אַזוי ניט אָפּ־געמאַכט. שלעפּט דאָס הינטעלע בערלען בײַ די הויזן.

— אַ קאַפּאָרע, לאַבזיק! וואָס שלעפּסטו מיך בײַ די הויזן? ועסט זיי נאָך צערייסן, — שרייט אויס בערל און פאַרשטייט גאָרניט, וואָס דאָס הינטעלע וויל פון אים.

— ווייסיך, וואָס, ער שלעפּט דיך בײַ די הויזן — מאַכט די מאַמע מאַלי און דערלאַנגט די הייסע געשמאַקע זופּ. — נאַ, עס בעסער די זופּ, אַ מעכייע, בערל.

ווייסט ניט לאַבזיק וואָס צו טאָן און לויפט צוריק אַרויס אינ־דרויסן.

—אַ קאַפּאָרע! וואָס לויפט ער, דער לאַבזיק? — וואונדערט זיך בערל און שלינגט דערווייל אַראָפּ אַ הייסן געשמאַקן לעפל זופּ.

— ווייסיך, וואָס ער לויפט דאָרט, — מאַכט די מאַמע מאַלי, קלוימערשט ווי זי ווייסט פון גאָרניט.

און דאָ איז שוין פינצטער אױף דער גאַס. אַלע פענצטער זיינען ליכטיק. אַלע אױף דזשעקסאָן עוועניו עסן וועטשערע. ווער ס'עסט אַן אָרעמע וועטשערע, ווער אַ ביסל אַ בעסערע וועטשערע. זאַשע מיט דער פאַרבונדענער באַק זיצט נאָך אַלץ אינמיטן דער גאַס אױפן קישן, שאָקלט זיך אַהין און אַהער שטומערהייט. מיריעם, יאַנקל, כייעם און גאָסי זיינען אויך שטום און קוקן, ווי זייער מאַמע שאָקלט זיך אַהין און אַהער שטומערהייט. דער באָרוועסער אָוורעמעלע האָט שוין ניט געקוקט ווי די מאַמע שאָקלט זיך אַהין און אַהער, ווייל ער איז שוין געשלאָפן.

פאַרקלעמט לאַבזיקן באַם האַרצן און ער צעהאַווקעט זיך פון פאַרדראָס. אויסגעהאַווקעט זיך, אָבער בעסער איז זאַשען ניט געוואָרן פון דעם. לויפט שוין דאָס הינטעלע צוריק אין הויז אַריין, כאַפּט אָן בערלען בײַ די הויזן און שלעפּט אים שוין שטאַרקער ווי פריער. ער לאָזט אים ניט אָפּ, און בערל האַלט נאָך ערשט אינמיטן דער זופּ.

— אַ קאַפּאָרע! עפּעס דאַרף דאָ זיין — לייגט בערל אַוועק דעם לעפל. — ניט אומזיסט וועט ער מיך אַזוי שלעפּן.

— ווייסיך וואָס, עס בעסער, — פּרואווט אים די מאַמע מאַלי איינרעדן.

— אַ קאַפּאָרע! מאַלי, פאַררעד מיר ניט ציין! — ווערט שוין דער טאַטע בערל בייז און לאָזט זיך לויפן נאָך לאַבזיקן.

דערווייל האָט מען שוין אַרויסגעטראָגן אַלצדינג פֿון שטוב. דער לענדלאָרד, מיסטער סאָלאָמאָן, מיט זייער אַ גראָבער נאָז און מיט אַ דוירבי אָפֿן קאָפּ — האָט פֿאַרשלאָסן דאָס לײדיקע הויז מיט אַ שטאַרקן שלאָס. דער מאַרשאַל מיט די צוויי יונגע זײַנען אַוועקגעפֿאָרן אין אַן אָטאָמאָביל. די פּאָליסלייט זײַנען זיך צעגאַנגען. די פּרויען פֿון דזשעקסאָן עוועניו זײַנען אַוועק אין די הייזער מיט פֿאַרוויינטע אויגן. דאָס זײַנען זיי אַוועק אין די הייזער, ווײַל ס'איז שוין געוואָרן שפּעט און זיי האָבן שוין געדאַרפֿט קאָכן וועטשערע פֿאַר זייערע מענער, וואָס האָבן געדאַרפֿט קומען פֿון דער אַרבעט.

געבליבן איז בלויז לאַבזיק לעבן זאָשען און עטלעכע קינדער פֿון דער גאַס. זאָשע מיט מיריעם, יאַנקל, כײַעם, גאָסי און דער באַרוועסער אַוורעמעלע, האָבן זיך אַנידערגעזעצט אָף די קישנס. זאָשע מיט דער פֿאַרבונדענער באַק האָט שוין ניט געוויינט. זי האָט שוין מערער ניט געהאַט קיין טרערן. האָט זי זיך געשאָקלט אַהין און אַהער, און אירע קינדער האָבן געהאַלטן אין איין קוקן, ווי זייער מאַמע שאָקלט זיך אַהין און אַהער.

נו, און דאָ ווערט שוין פֿאַרנאַכט און בערל דער אָפּערייטאָר קומט אָן. לויפֿט אים אַנטקעגן לאַבזיק און שטרעקט אָף אים אויס אַ פּאָר אומעטיקע אויגן.

פֿאַרשטייט ניט בערל, וואָס דאָס הינטעלע איז אַזוי טרויעריק. פֿרעגט ער אים:

— אַ קאַפּאָרע, לאַבזיק, וואָס איז דער מער מיט דיר?

גיי, דערצייל, אַז ער קען ניט רעדן די מענטשלעכע שפּראַך. און בערל ווייסט גאָרניט וועגן זאָשען, ווײַל זײַן הויז איז אָף איין עק גאַס, און זאָשעס — אָפֿן צווייטן עק. און דאָ איז ער נאָך הונגעריק, אײַלט ער אַהיים.

— אַ גוטן אָוונט דיר, מײַן ווייב מאָלי — שרײַט בערל אויס פֿריילעך — און אַ גוטן אָוונט דיר, מײַן זון מוליק, און אַ גוטן אָוונט דיר, מײַן טאָכטער ריפֿקעלע, און דיר לאַבזיק, דאַרף איך שוין ניט זאָגן אַ גוטן אָוונט, ווײַל איך האָב דיך שוין געזען.

די מאַמע מאָלי האָט אָפּגעמאַכט מיט די קינדער, אַז זיי זאָלן ניט דערציילן בערלען וועגן דער מייסע מיט זאָשען, איידער ער עסט אָפּ וועטשערע. ווײַל אַז מען וועט אים דערציילן פֿריער, וועט ער שוין קיין וועטשערע ניט עסן, וועט זיך נאָך גוט אויפֿרעגן, און דאָס וועט

# לאַבזיק לאָזט ניט



עך האָט אָנגעהויבן אַרויסצושטעלן אַף דער גאַס די בעטן, דעם טיש און די קישנס, און גאַנץ דזשעקסאָן עווענױ האָט געוויינט.

דאָס האָט מען אַרויסגעשטעלט זאַשען מיט דער פאַרבונדענער באַק אַף דער גאַס. אירע ציין האָבן נאָך אַלץ וויי געטאָן. דער מאַרשאַל איז שוין ניט געקומען איינער אַליין, נאָר מיט צוויי געזונטע, הויכע יונגען, און מיט פּאָליסלייט. די גאַנצע גאַס איז זיך צונויפגעלאָפן, זיך גע־שטעלט פונדערווייטנס, געזיפצט און געוויינט.

פאַרשטייט זיך, אַז לאַבזיק איז אויך געווען דערביי. ער האָט ניט געוויינט און ניט געזיפצט. ער האָט בלויז געטראַכט, צי מען קען ניט אַ בים טאָן דעם מאַרשאַל אין דער פולקע, דאָס הייסט אין גראָבן פלייש פון פוס. ניין, האָט ער באַשלאָסן, מען קען ניט, ווייל ס'שטייען אויך פּאָליסלייט לעבן אים, און די צוויי הויכע יונגען וועלן אויך ניט שווייגן. האָט ער בלויז געברומט טיף אין בייכל און געשטשירעט די ווייסע ציינדלעך.

צום אַלעם ערשטן איז זאַשע געווען צעטומלט און האָט ניט גע־מאַכט קיין געוואַלדן. זי האָט בלויז צונויפגענומען די קינדער: מיריעם, יאַנקל, כייעם, גאָסי, און דעם באָרוועסן אָוורעמעלע אַרום זיך און צוגעקוקט ווי מען טראָגט. די צוויי הויכע יונגען האָבן געטראָגן אַלץ: די טעפּלעך, די טעלער, די גלעזער, די בענקלעך, דעם שפּיגל. אָבער זאַשע מיט דער פאַרבונדענער באַק האָט נאָך דערווייל אַלץ געשוויגן, אַקוראַט ווי זי איז שטום געוואָרן. אָבער ווען מען האָט שוין אַרויסגעטראָגן דאָס בעט אויך, מיט די קישנס, האָט זי אויפ־געהויבן אַ גרוים געוואַלד און געמאַכט צו די שכיינים פון דזשעקסאָן עווענױ:

— אַ בראָך איז צו מיר, אַ קלאָג איז צו מיר! דאָס בעט אויך. וואו וועל איך היינט שלאָפן מיט די קינדער? וואו וועלן מיר היינט נעכטיקן?

— דו נעמסט, פרוי, דעם דיספּאָזעס! — צעשרייט זיך שוין אַף איר דער מאַרשאַל זייער בייז.

— אַז איך וויל אים ניט, דעם דיספּאָזעס — וויינט זאָשע, — אַז איך דאַרף אים ניט.

— נעם! — שרייט דער מאַרשאַל — אַז ניט רוף איך אַ פּאָליסמאַן.

אָבער דער מאַרשאַל האָט שוין ניט געדאַרפט רופן קיין פּאָליסמאַן. מען האָט שוין גענומען דעם דיספּאָזעס.

— אוי וויי, דער דיספּאָזעס! — שרייט דער מאַרשאַל און לאָזט זיך לויפן נאָך לאַבזיקן.

אָבער אָט טאַקע באַלד וועט מען אַזוי שנעל כאַפּן לאַבזיקן! מיטן דיספּאָזעס אין די ציינדלעך יאָגט ער זיך שנעל ווי אַ וויכער אַראָפּ די טרעפּ, לויפט אַרוים אינדרויסן און יאָגט אַוועק אַהיים. אינדערהיים כאַפּט ער זיך אַרונטער אונטערן בעט, און הייבט אָן צערייסן און צעפּליקן דאָס שלעכטע שטיקל פּאַפּיר, מיט די ציינדלעך און מיט די לאַפּקעס. ניט נאָר האָט ער געריסן און געפּליקט, נאָר ער האָט אויך געהאַווקעט בייז. האַוו, האַוו, האַוו, רים, פּליק!

— איך וועל אים טויטן, איך וועל אים שיסן — לויפט דער מאַר־שאַל איבער דזשעקסאָן עווועניו און זידלט זיך, און שעלט, אַ געוואַלד.

— כאַ, כאַ, כאַ — לאַכט גאַנץ דזשעקסאָן עווועניו דורך די פֿענצטער אַרוים — כאַ, כאַ, כאַ.



קלינגט דער מאַרשאַל אָן. פאַרבאַהאַלט זיך לאַבזיק אין אַ ווינקל. קומט אַרויס זאָשע מיט רויטע האָר און מיט אַ פאַרבונדענער באַק (ס'טוען איר, ווייזט אויס, ווי די ציין). דערשרעקט זיך זאָשע פאַרן פרעמדן מאַן אין שוואַרצן מאַנטל און פרעגט:

— אוי ווי איז מיר, ווער זייט איר?

— איך בין דער מאַרשאַל.

און אַז זי האָט דערהערט דאָס וואָרט „מאַרשאַל", איז זי געוואָרן ווייס אין פּנים, אָנגעהויבן צו ציטערן, ווי ס'וואָלט איר געווען שטאַרק קאַלט.

דאַ דערווייל, קומען אויך אַרויס פון הויז אירע קינדער: מיריעם, יאַנקל, כייעם, גאָסי און אָווּרעמעלע, איינס קלענער פון אַנדערן. אָווּרעמעלע איז דער קלענסטער און האָט ניט קיין שיך אָף זיינע פיסלעך. לאַבזיק זעט דאָס אַלצדינג צו און פאַרגעדענקט.

— יאָ, איך בין דער מאַרשאַל — מאַכט דער מאַן — און איר זייט שוין שולדיק מיסטער סאַלאָמאָנען פאַר דריי מאָנאַטן רענט.

— וואָס זשע זאָל איך טאָן? איך האָב ניט — צעוויינט זיך זאָשע און נאָך איר צעוויינען זיך אויך: מיריעם, יאַנקל, כייעם, גאָסי און דער באָרוועסער אָווּרעמעלע.

— ניט מיין זאַך, ניט מיין זאַך — מאַכט דער מאַרשאַל בייז און נעמט אַרויס אַ פּאַפּירל. — איך בין אייך געקומען געבן דעם „דיספּאָזעס".

— ווי איז מיר, אַ דיספּאָזעס? וואָס מיינט דאָס?

— אַ דיספּאָזעס — דערקלערט קלוימערשט זייער ליבלעך דער מאַרשאַל — מיינט, אַז אין צווי טעג אַרום דאַרפסטו זיך אַרויסקלייבן פון הויז, אַז ניט וועל איך קומען און דיך אַרויסוואַרפן.

— אָט וועט אָנקומען פון רעליף — בעט זיך זאָשע באַם מאַרשאַל.

— ס'דאַרף מיר באַלד אָנקומען געלט פון רעליף, וועל איך שוין באַצאָלן. מיינע ציין זאָלן מיר אַזוי אויפהערן ווייי צו טאָן, ווי איך וועל באַצאָלן, — שווערט זיך זאָשע.

אָבער דער מאַרשאַל וויל ניט וויסן. ער האָט געבראַכט אַ דיספּאָזעס, זאָל זי אים צונעמען. וויל ניט זאָשע צונעמען דעם דיספּאָזעס, און זי צעוויינט זיך מיט דער פאַרבונדענער באַק. נאָך איר צעוויינען זיך: מיריעם, יאַנקל, כייעם, גאָסי און אָווּרעמעלע מיט די נאַקעטע פיסלעך.

# לאַביזיק און דער מאַרשאַל



ז דער מאַרשאַל קומט אָן אין דזשעקסאָן עוועניו, שטעקן אַלע מאַמעס, טאַטעס און קינדער אַרויס די קעפּ פון די פענצטער. מען קוקט אים נאָך. מען זאָגט איינער צום אַנדערן:

— צו וועמען קען ער גיין, דער גאַזלען?

— אַז האַלוואַי וואָלט ער געבראָכן הענט און פיס.

— ווײ, ווײ! צו זאָגן!

— וואָס זשע וועט זאָגן טאָן מיט אירע קינדערלעך, אַז דער מאַן ליגט גאָר אין שפּיטאָל. קראַנק אויף די לונגען. און זי האָט שוין אויך איינגעגעבן אין רעליף, און רעליף שווייגט.

פאַרשטייט זיך, אַז לאַביזיק שטעקט אויך אַרויס זיין קעפּל פון פענצטער. וואָדען, ער וועט ניט אַרויסשטעקן? ער דערזעט אויך דעם מאַרשאַל. ווייסט ניט, וואָס אַ מאַרשאַל מיינט. ווייסט נאָר, אַז אַלע אין דזשעקסאָן עוועניו שרעקן זיך פאַר אים. און אַזוי ווי לאַביזיק וויל וויסן אַלצדינג, וואָס עס טוט זיך אין לעבן, לויפט ער אַרויס אינדרויסן און הויבט אָן נאָכגיין דעם הויכן ברייטן מאַן אין שוואַרצן מאַנטל, וואָס מען רופט אים אין דזשעקסאָן עוועניו: „דער מאַרשאַל“.

דער מאַרשאַל דערזעט, אַז אַזאַ קיינעוודיק הינטעלע גייט אים נאָך, געפעלט דאָס אים. שטרעקט ער אויס זיין האַנט צו אים און מאַכט ליבלעך:

— האַו דו יו דו.

גיט לאַביזיק זיך אַ קאַרטשע איין, הייבט אָן צו ברומען אינעווייניק אין בייכעלע און באַווייזט זיינע שאַרפע ציינדלעך.

— אַזוי גאָר? — שפּאַסט דער מאַרשאַל — ביזט גאָר פון די בייסיקע? מיילע.

און ער האָט שוין מערער ניט אינזינען לאַביזיקן. ער האָט אינזינען זאַכן. קומט ער אַריין אין נומער 344. גייט לאַביזיק אויך אַריין אין נומער 344. הייבט דער מאַרשאַל אָן צו גיין אויף די טרעפּ, הייבט לאַביזיק אויך אָן צו גיין אויף די טרעפּ. קומט דער מאַרשאַל צום דריטן שטאָק, קומט לאַביזיק אויך צום דריטן שטאָק.

אוואדע איז די זאך, וואס ער האט געהאלטן אין מויל, געווען א קעסטל מיט גרויפן פאר א קאשקעלע. עפשער א האלב קעסטל מיט גרויפן איז דארטן געווען. וואו ער האט דאס גע־נומען? ווי אזוי האט ער דאס געפאקט? דאס האט ער ניט דערציילט. געשפרונגען א




פריילעכער ארום שיפרען, וואס האט געהאלטן אין איין לאכן. ס'איז בא איר געווען דער גרעסטער וואונדער, און זי האט געלאכט און געלאכט און אפגעקאכט די קאשע פאר ביבין און ווידער געלאכט.

וואו ער האט דאס געפאקט, ווייסן מיר ניט. נאר אף מארגן אינדערפרי, ווען די מאמע מאלי האט אויפגעזאטן וואסער, געגאנגען צו דער שאפע נעמען די גרויפן, גיט זי א קוק — ניטא. שטייט זי און וואונדערט זיך, און וואונדערט זיך. אז זי האט זיך אויפגעהערט צו וואונדערן, האט זי געגעבן א פאטש מיט די הענט און אויסגעשריען:

— האסטו געזען אזא זאך?

האט זי געזוכט און געזוכט אומעטום. און אזוי איז דאס טאקע געבליבן. זי האט שוין קיינמאל ניט געקענט דערוויסן זיך, וואוהין איז אהינגעקומען דאס קעסטל מיט גרויפן.

צום עסן. ער האָט זיך אויך דערמאָנט, אַז דאָס זעלבע טוט די מאַמע מאַלי, ווען זי דאַרף אָפּקאָכן אַ קאַשקעלע פֿאַר ריפֿקען. ער, לאַבזיק אַליין, דערלאַנגט דאָך דער מאַמע מאַלין דאָס קעסטל מיט די גרויפּן.

ווייסט ניט לאַבזיק, וואָס צו טאָן. שפּרינגט ער פֿונדעסטוועגן אַרויף אַף שיפֿרעס שויס, און וויל איר העלפֿן זיין טרויעריק, ווייסט ער ניט ווי אַזוי. לעקט ער איר דאָס פּאָנעם. טרייבט זי אים אָפּ. לעקט ער איר ווידער, טרייבט זי אים ווידער אָפּ, ביז זי ווערט אין קאָס און מאַכט :

— צו מיינע סאָנימס קעפּ ! וואָס וויל פֿון מיר דער לאַבזיק ? ווער דאַרף דיין לעקן, לאַבזיק ? איך דאַרף גרויפּן.

דערהערט ער די באַקאַנטע ווערטער, „איך דאַרף גרויפּן", רעדט ער ניט קיין סאַך, און איידער וואָס איידער ווען, מען זעט אים שוין ניט. ניטאָ לאַבזיק.

אַוועקגעגאַנגען לאַבזיק, האָט שיפֿרע פֿאַרשלאָסן הינטער אים די טיר, זיך אָנידערגעזעצט אַזאַ צעבראָכענע, און ביבי וויינט שוין ניט אינדערהויך, זי וויינט אינדערשטיל, גאָר שטיל.

שיפֿרע איז אַן אַלמאָנע און זי האָט אָנגעשריבן אַ ביטע צום „רעליף", מען זאָל איר העלפֿן. אָבער דער רעליף שווייגט דערוויל. דער רעליף איילט זיך ניט אַזוי שטאַרק, און דער גראָסערימאַן וויל שוין ניט מערער באָרגן. עפּשער זאָל זי גיין צו די שכנים, מען זאָל איר העלפֿן ? שעמט זי זיך, שיפֿרע, האַלט ביבין אַף די הענט, רעדט צו איר און זי ווייסט אַליין ניט, וואָס זי רעדט.

זאָל טאַקע לאַבזיק האָבן אַוועקגעגאַנגען און שוין מערער ניט קומען צוריק ? און נאָך וואָס איז ער אַוועקגעגאַנגען און איבער־געלאָזט זיינע פֿריינט אין אַזאַ אומגליק ? זאָל מען דאָס גלויבן אַף לאַבזיקן, אַז ער זאָל קענען טאָן אַזאַ זאַך ? עפּשער, ווער ווייסט ? אָבער ניין. ער איז, דאַכט זיך, גאָר דאָ צוריק. ווייל ס'הערט זיך אַ גראַבלען אין דער טיר און אַ קאַוואַוטשען, ווי איינער וואָלט געזאָגט:

— לאָזט מיך אַריין, לאָזט מיך אַריין.

שליסט אויף שיפֿרע די טיר, גיט לאַבזיק אַ לויף אַריין גלייך אין דער קיך אַריין. ער האָט עפּעס אין מויל. לויפֿט אַריין און שטופּט דאָס קעפּל מיט דער זאַך, וואָס ער האַלט אין מויל, גלייך צו שיפֿרען אין די קליידלעך.

געלאָפן אינדרויסן צו זען, וואָס מאַכט ביבי. ביבי איז אָבער שוין דעמאָלט געשלאָפן אין איר וויגעלע אין קילן שאָטן פון הויז. די מאַמע שיפרע איז געזעסן אַף די טרעפּ, געשטריקט אַ זעקעלע פאַר איר מיידעלע.

דאַרף דאָך זיין גוט, האַ? אָבער עפּעס איז דאָ ניט גוט. לאַבזיק דערשמעקט שוין, אַז אַלצדינג איז ניט מיט אַלעמען. ווייל פאַרוואָס זיצט שיפרע אַזאַ טרויעריקע? פאַרוואָס זיפצט זי פון צייט צו צייט? פאַרוואָס רעדט זי צו זיך אַליין אַזאַ טרויעריקע און מאַכט:

— אוי ווי איז מיר, וואָס זשע וועט זיין?

ווערט שוין לאַבזיק אויך אַ טרויעריקער. ס'קלעמט אים באַם האַרצן און ער טרעט שוין ניט אָפּ פון שיפרען. עס וויל זי טרייסטן. אָבער ווי אַזוי? רעדן קען ער ניט. וואָס ער קען יאָ, איז דרייען מיטן וויידעלע, לעקן מיט דער צונג שיפרעס הענט, שפּרינגען קעגן איר. אָבער אַז שיפרען ליגט דאָס גאָרניט אינזינען. .

שפּעט אין טאָג הייבט זיך אויף שיפרע און גייט אַריין אין גראָ־סערי. לאַבזיק קוקט איר נאָך. עס געדויערט ניט לאַנג און זי קומט באַלד אַרויס מיט ליידיקע הענט, נאָך טרויעריקער ווי פריער. זי נעמט אַריין ביבין אין הויז אַריין און דאָס הינטעלע גייט זיי נאָך. אין הויז איז אויך עפּעס טרויעריק. ביבי קוקט אַף דער מאַמען און וואַרט. שיפרע ווייסט, פאַרוואָס ביבי קוקט אַזוי אַף איר, און איר האַרץ ווערט נאָך מערער צעבראָכן. ביבי קוקט אַזוי אַף איר, ווייל זי איז שוין הונגעריק און וואַרט, אַז די מאַמע זאָל איר אָפּקאָכן ס'קאַשקעלע. נעמט די מאַמע דאָס קעסטעלע, וואו ס'איז פריער געווען גרויפּן פאַרן קאַשקעלע. אָבער איצטער איז דאָס ליידיק. ניטאָ קיין איין גרויפּ... זי טרייסלט דאָס, עפּשער איז נאָך עפּעס פאַרבליבן. אָבער — ליידיק און ליידיק.

וואַרט ביבי און וואַרט און אַז זי דערזעט, אַז די מאַמע טוט גאָרניט אַף איר אָפּצוקאָכן דאָס קאַשקעלע, צעוויינט זי זיך זייער ביטער. צעוויינט זיך אויך שיפרע. און לאַבזיק? און לאַבזיק קען דאָס שוין גאָרניט פאַרטראָגן. ער האָט שוין גוט פאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פאָר. ער האָט געזען, ווי זי טרייסלט מיטן ליידיקן קעסטעלע. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז שטענדיק נעמט זי אַרויס פון דאָרטן די גרויפּן און וואַרפט אַריין אין אַ שיסל וואַסער. זידט דאָס דאָרטן, קאָכט און קאָכט, ביז ס'ווערט פאַרטיק און ביבי האָט אַ קאַשקעלע

# לאַביזיק קען ניט פאַרליידן,
# אַז מען וויינט.



אָ, ביבי און לאַביזיק זיינען שוין געוואָרן ווי אַנדערע צוויי. פּאַרטאַג. לאַביזיק כאַפּט זיך אויף, איז דער ערשטער געדאַנק — ביבי. מען דאַרף לויפן אַ קוק טאָן, וואָס זי מאַכט. לויפט ער אַריין צו שיפרען אין הויז, און זעט, ווי ביבי איז שוין אויף און שפּילט זיך מיטן פּאַס זון, וואָס שיינט אַריין דורכן פענצטער. ווערט ער איבערגליקלעך. האַווקעט זיך אוים אַף איר, גלאַט אַזוי פון פריינטאַפּט וועגן, און אַנטלויפט צוריק צו דער מאַמע מאַלין. ער קען דאָך די מאַמע מאַלין ניט איבער־לאָזן איינע אַליין אין הויז. ער דאַרף דאָך איר העלפן טאָן די אַרבעט.

איך האָב אייך גאָר פאַרגעסן צו דערציילן, אַז לאַביזיק האָט זיך אויסגעלערנט גיין אין גראָסערי און איינקויפן זאַכן. טאָמער דאַרף די מאַמע מאַלי, לעמאָשל, אַ האַלב פונט צוקער, שרייבט זי אָן אַ צעטעלע צום גראָסערימאַן, שטעקט דאָס אַריין לאַביזיקן צווישן די ציינדלעך, און ער ווייסט שוין, וואָס מען דאַרף טאָן. ער לויפט אַוועק צום גראָסערימאַן, לייענט יענער איבער דאָס צעטעלע, וועגט אָפּ אַ האַלב פונט צוקער אין אַ פּאַפּירן זעקעלע, שטעקט דאָס אַריין לאַביזיקן צווישן די ציינער, און דאָס הינטל לויפט שוין צוריק אַהיים. נעמט די מאַמע מאַלי אַרויס דאָס זעקעלע צוקער און זאָגט צו אים:

— אַ גוטער לאַביזיק.

נאָך האָט אים די מאַמע מאַלי אויסגעלערנט איר צו דערלאַנגען געוויסע זאַכן. לעמאָשל, אַז די מאַמע מאַלי דאַרף האָבן דאָס קעסטל מיט גרויפּן אַף צו קאָכן אַ קאַשקעלע פאַר ריפּקען, דאַרף זי בלויז זאָגן:

— לאַביזיק, איך דאַרף גרויפּן.

ווייסט גלייך לאַביזיק, וואָס יענע מיינט, שפּרינגט אַרויף אַף דער פּאָליצע, גיט אַ כאַפּ אין זיינע ציינדלעך דאָס אָפענע קעסטל מיט די גרויפּן, און דערלאַנגט דאָס גלייך דער מאַמע מאַלין. זאָגט די מאַמע מאַלי צו אים דערפאַר אויך „גוטער לאַביזיק“.

יאָ, האָט ער געהאָלפן דער מאַמען טאָן די אַרבעט און אַזוי האָט זיך דאָס פאַרצויגן ביז נאָכמיטאָג. נאָכמיטאָג איז ער ווידער אַרויס־

געוואַלדן, אַז אַ שכיינע האָט אַזש דערהערט אינדרויסן. איז די שכיינע גלייך געלאָפן אין דער גראַמעטרי מיט אַ בסורע:

— אוי, שיפרע, אייער ביבי וויינט.

לויפט שוין שיפרע אין גרויס איילעניש. לויפט אַרויף די טרעפּ, הערט זי ניט קיין שום געוואַלדן. קומט זי צו צו איר טיר, עפנט זי אויף, גייט אַריין אין קאָרידאָר. איז שטיל אַזוי, נאָר ס'הערט זיך, ווי אַ וויגל סקריפּעט אַהין און צוריק, אַהין און צוריק. וואונדערט זיך שיפרע און שרעקט זיך אַ ביסל, ווייל ווער איז דען דאָ אין הויז, וואָס זאָל וויגן דאָס וויגל? מיסטאָמע איז אַ שכיינע אַריין אין הויז, אַ שכיינע וואָס האָט ניט געקענט פאַרליידן, ווי דאָס קינד וויינט, און זי וויגט איצטער דאָס וויגל. גייט שוין שיפרע, שטיל אַזוי אויף די שפּיץ פינגער. קומט אַריין אין קיך אַריין — אַוואַדע לאַבזיק. ער



האַלט אַזוי ערנסט דאָס שטריקל, וואָס איז צוגעבונדן צום וויגל, אין מויל. ציט דאָס שטריקל אַהין און צוריק און דאָס וויגל הוידעט זיך. ביבי איז שוין צוריק איינגעשלאָפן, אָבער לאַבזיק וויגט נאָך אַלץ, קעדיי ער זאָל זיין זיכער, ווייל אויף פּיצלעך קינדער קען מען זיך ניט פאַרלאָזן. אַט מאַכן זיי זיך, אַז זיי זיינען שוין איינגעשלאָפן, און מיטאַמאָל כאַפּן זיי זיך אויף און מאַכן געוואַלדן. האָט שיפרע זיך אַזש צעוויינט פון פרייד, אויפגעהויבן לאַבזיקן, צוגעטוליעט צו זיך און געמאַכט:

— אַ געזונט דיר אין דיינע ביינער, הינטעלע. ביזט אַזוי קלוג, פונקט ווי אַ מענטש.

לאַבזיק נאָר האָט טאַקע געמיינט, אַז דאָס וויל מען אים אָוועקגעבן דאָס קאַשקעלע, האָט ער שוין אויסגעשטרעקט זיין צונג און געוועז גרייט צו לעקן. אָבער ביבי האָט געמאַכט אַ געוואַלד, און די מאַמע האָט איר גלייך צוריק געגעבן דאָס קאַשקעלע און געזאָגט:

— ניין, ביבילע, ניין, קינד, דיר אַליין, דיר אַליין.

איז דאָס הינטעלע געוועזן אַ ביסעלע בערויגעז, וואָס מען האָט אים אָפּגענאַרט, אָבער דערנאָכדעם האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ס'איז בלויז אַ שפּיל אַזאַ, און ער האָט שוין מערער קיין פאַריבל ניט געהאַט אָף שיפרען.

אָפּגעגעסן, האָט די מאַמע אָנגעהויבן צו פאַרוויגן איר טעכטערל. אַ שטריקל איז געוועזן צוגעבונדן צום וועגעלע, האָט זי דאָס שטריקל אַרויפגעטאָן אָף אירע פיס, זיך געזעצט אָפן בענקל, מיט די הענט געשיילט קאַרטאָפליעס, מיטן פוס געוויגט דאָס וויגל, און מיטן מויל אַזוי געזונגען:

שלאָף, שלאָף, ביבי מיין קינד,
איינדרוימן בלאָזט ניט קיין ווינט,
דיין טאַטע טרייסלט ניט פון די ביימער די עפּל,
און די לעוואָנע שיקט ניט קיין זילבערנע שטראַלן אָף דיין קעפּל.
ווייל אַלע פענצטער האָב איך פאַרמאַכט
אומיסטנע אַזוי, צוליב דער פינצטערער נאַכט.
דיין טאַטע איז פון אונדז אָפּגעפאָרן,
וועלן מיר אים שוין ניט זען יאָרן און יאָרן.
שלאָף זשע, שלאָף זשע, ביבי קינד.

קוקט זיך אַזוי לאַבזיק צו, און ס'טוט אים האַנאָע. איינגעוויגט, איינגעשלאָפן, ווערט שטיל אין הויז. כאַפּט זיך שיפרע, אַז זי האָט ניט קיין זאַלץ אין שטוב. לאָזט זי זיך אין גראָסערי קויפן זאַלץ. דאָס הינטעלע בלייבט אין הויז, ליגט מיטן מאָרדעלע אָנגעשפּאַרט אָף די פעדערשטע לאַפּקעס און טראַכט זיך זיינע געדאַנקען.

אַ קינד אָבער דערשמעקט דיר גלייך, ווען די מאַמע איז ניטאָ אין הויז, אַפילע ווען ס'שלאָפט. און עפּשער איז גאָר ביבי נאָך ניט רעכט איינגעשלאָפן, ווייל זי האָט זיך גלייך אָנגעהויבן צו וואָרפן, ווען די מאַמע איז אַרויס פון הויז, אָנגעהויבן צו וויינען פריער אין דער שטיל, אין דער שטיל, דערנאָכדעם אָף אַ קאָל, און דערנאָכדעם מיט גרויסע

וואָס דער וואַ, וואַ, וואַ האָט געמיינט, האָט בלויז פאַרשטאַנען ביבי אַליין, און עפּשער אויך לאַבזיק, ווייל ער איז גלייך אַריינגע־שפּרונגען צו איר אין וועגל און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער איר שוין געלעקט דאָס נעזל. האָט זי אָנגעהויבן שטאַרקער צו קוויטשען: וואַ, וואַ, וואַ. איז צוגעלאָפן איר מאַמע, צום אַלעם ערשטן מיט גרויס דערשרעק, אָבער דערנאָכדעם האָט זי זיך צעלאַכט.

אַזוי האָט זיך לאַבזיק געשפּילט מיט ביבין אין איר וועגעלע. ער האָט איר געלעקט דאָס נעזל, זי איז אים אַריינגעפּאַרן מיטביידע הענטלעך אין האָלדז. האָט ער איר געביסן אין פּיסעלע, האָט זי אים געקנייפּט אין אויער. ביז ס׳איז געוואָרן פאַרנאַכט און שיפּרע האָט אַ זאָג געטאָן:

— נו, לאַבזיק, שפּרינג אַראָפּ פון וועגעלע.

האָט לאַבזיק קיין אַנדער ברייררע ניט געהאַט און אַראָפּגע־שפּרונגען פון וועגעלע. דערנאָכדעם האָט שיפּרע די אַלמאָנע גענומען דאָס הענטל פון וועגעלע און אָנגעהויבן דאָס צו שטופּן צו דער טיר פון הויז. האָט דעם הינטעלע פאַרדראָסן, וואָס מען פירט אַוועק פון אים זיין פריינט ביבין און ער האָט אויסגעצויגן זיין העלדזל און אָנגעהויבן צו האַוקען אַף שיפּרען. האָט שיפּרע זיך צעלאַכט און געמאַכט:

— צו מיינע סאָנימס קעפּ! האָסטו געזען, ווי ער האַוקעט? ס׳איז דען דיין ביבי, ס׳איז דאָך מיין ביבי!

לאַבזיק האָט, ווייזט אויס, פאַרשטאַנען, וואָס זי מיינט און געזען, אַז זי האָט רעכט. האָט ער אויפגעהערט צו האַוקען און געוואָרן גלאַט אַזוי טרויעריק. די אויערן אַראָפּגעלאָזט, די אייגעלעך אומעטיק, און שטייט זיך ווי אַ יאָסעמל. האָט שיפּרע דערזען, ווי ער שטייט אַזאַ אומעטיקער, האָט זי זיך ווידער צעלאַכט און אַ זאָג געטאָן:

— צו מיינע סאָנימס קעפּ, ווי ס׳איז געוואָרן אַזוי טרויעריק. אויב ס׳בענקט זיך דיר נאָך ביבין, קום אַרויף צו מיר אין הויז.

האָט לאַבזיק גלייך פאַרשטאַנען, וואָס שיפּרע מיינט, און האָט זיך געלאָזט נאָך איר אַזאַ שטילינקער און לייטישער.

שיפּרע האָט אָפּגעקאָכט אַ קאַשקעלע און אָנגעהויבן צו האָדעווען ביבין. איז ווייסט איר דאָך ווי פּיצלעך קינדער זיינען, האָט דאָס געגעסן אַ פּאָר לעפל און מערער ניט געוואָלט. האָט שיפּרע גע־סטראַשעט, אַז זי וועט דאָס קאַשקעלע אַוועקגעבן לאַבזיקן. און

# לאַבזיק און ביבי



מען קען ניט זאָגן, אַז לאַבזיק האָט אַזוי שטאַרק ליב געהאַט פּיצלעך קינדער, נאָר פאַר דער קליינער ביבין וואָלט ער זיך אַפילע געלאָזט אָפּבייסן זיין ווײַדעלע. ערשטנס, דער נאָמען אַליין — ביבי, און צווייטנס, איר נעזל. אַזאַ שיין פאַריסן נעזל, פּונקט ווי באַ טוצין. (איר געדענקט דאָך די מייסע מיט טוצין, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט פאַר לאַבזיקן אַזוי טרויעריק!)

ביבים קוויטשען איז געווען גאָר אַ מעכייע, און באַזונדערס נאָך, ווען זי האָט אַריינגעגראָבן אירע פינגערלעך אין זיין וואָרעמען האַלדז און געקוויטשעט פון גרויס פרייד. געקוויטשעט האָט ביבי ניט נאָר דערפאַר, וואָס זי האָט אַריינגעגראָבן אירע פינגערלעך אין זיין וואָרעמען האַלדז; זי האָט אויך געקוויטשעט, ווייל לאַבזיק האָט איר געביסן אין באָרוועסן פיסעלע, לייכט געביסן. לאַבזיק האָט זייער ליב צו בייסן באָרוועסע פיסלעך פון פּיצלעך קינדער.

אויב אַזוי, ווער זשע איז טאַקע געווען ביבי? און אויב איר קענט ניט ביבין, קענט איר דאָך ניט איר מאַמען, שיפרען — שיפרע די אַלמאָנע, וואָס וואוינט פּונקט אַנטקעגן בערל דעם אָפּערייטערס הויז?

באַקאַנט האָט זיך לאַבזיק מיט ביבין אַ זומער באַטאָג, ווען דאָס קליינע מיידעלע איז זיך געלעגן אין איר וועגעלע און גערעדט צו זיך אַליין. ס'הייסט, ניט גערעדט, נאָר געפּלאַפּלט. איר מאַמע איז געזעסן אָפן סטופּ, געהיט איר טאָכטער און געהאַלטן דערווייל אין אויסנייען אַ רעקעלע, טאַקע פאַר דערזועלבער ביבין.

דאָס הינטעלע איז געוואָרן נייגעריק, איז ער צו צום וועגעלע, פאַריסן דאָס קעפּל און געקוקט אָף דעם שיינעם קינד, וואָס האָט געהאַט פּונקט אַזאַ שיין נעזל, ווי טוצי. האָט ביבי דערזען לאַבזיקן, האָט זי זיך דערפרייט, אויסגעשטרעקט די הענטלעך צו דעם און געמאַכט:

— וואַ, וואַ, וואַ.

אַנגעהויבן צו גאַנווענען פון אַ ווינקל. אָט, אָט. נו, אַז ס'איז אַזאַ געפּאַר פאַר די מיינערס — וועט ער שווייגן?

קיינער האָט ניט באַמערקט, ווי לאַבזיק איז אַרויפגעשפּרונגען אַף דער בינע, וואָס מען האָט יאָ באַמערקט, ווי דאָס הינטעלע גאַנוועט זיך נאָכן פּאָליסמאַן, טריט נאָך טריט. האָט דער עולם געמיינט, אַז דאָס איז אַ טייל פון דער שפּיל, האָבן זיי פאַרהאַלטן די אָטעמס און געוואַרט, וואָס וועט דאָ זיין.

אָט הייבט שוין אויף דער פּאָליסמאַן זיין קלאַב, און אָט וויל ער שוין דערלאַנגען מוליקן איבערן קאָפּ. אָבער, ווי עס ציטערט דאָס ווײַדעלע באַ לאַבזיקן, ווי עס לויפן זיינע אייגעלעך גיך, גיך, ווי ער גיט זיך דאָס אַ שפּרונג אין דער לופטן, ווי ער גיט דאָס אַ כאַפּ אַריין דעם פּאָליסמאַנס האַנט אין זיינע ציינדעלעך, ווי הײמי דער געלער (דאָס איז טאַקע געווען דער פאַרשטעלטער פּאָליסמאַן) הייבט אָן צו שרייען פון ווייטיק. ווי דער פאַרהאַנג גיט זיך אין דער מינוט אַ פאַרוק. און:

— בראַוואָ! בראַוואָ!

דאָס האָט אַזוי דער עולם געקלאַפּט מיט די הענט און געשריען בראַוואָ; געמיינט, אַז דאָס בייסן איז טאַקע דער סאָף פון דער שפּיל.

פאַרשטייט זיך, אַז די לערערן און די קינדער און שפּילער האָבן גאָרניט געוואוסט, וואָס צו טאָן פאַר פרייד, וואָס לאַבזיק האָט צו־געטראַכט אַזאַ שיינעם סאָף. מען האָט אים געהאַלדזט און געקושט און אים גערופן מיט ליבע נעמען.

און נאָך מערער, דער סעקרעטאַר פון דער שול האָט צוגעטשעפּעט לאַבזיקן אַפן האַלדז אַ רויט בלימעלע און דאָס הינטעלע האָט שוין געמיינט, אַז ער איז אַ גאַנצער גענעראַל, אַזוי שטאָלץ האָט ער פאַריסן דאָס קעפּל.

איז לאַבזיקן שוין געווען עמעס פריילעך, און ער האָט געטראַכט:

— אָט דאָס הייסט געלעבט.

אים געפעלן, לאַבזיקן, ווי מוליק שטרעקט אויס די האַנט און מאַכט:

זע איך אינדרויסן
אַ שניי פּאַלט אַרונטער,

און דערנאָכדעם, ווי ער לייגט די האַנט צום האַרצן און זאָגט:

הונגעריק בין איך,
ס׳ווילט זיך אַזש וויינען.

אָבער פּלוצלונג פּאַסירט אַזאַ זאַך, וואָס בײַ לאַבזיקן האָט אָנגעהויבן צו קלאַפּן דאָס האַרץ גיך־גיך פֿון שרעק. ס׳איז געווען דעמאָלט, ווען מוליק האָט פֿאַרגעסן אַ גאַנצע שורע פֿון ליד. ער איז געוואָרן בלאַס, אָנגעהויבן צו היקען, געזוכט מיט די אויגן די לערערן, אַז יענע זאָל אים אונטערזאָגן. לאַבזיקן איז אַזש באַפֿאַלן אַ קאַלטער שווייס אָפּן שטערן. וואָס איז דאָ די צאָרע, האָט ער ניט געוואוסט, אָבער ער האָט שוין דערשמעקט לויט דעם, ווי דער אינגל האָט אויסגעקוקט אַזוי צעטומלט, אַז ס׳איז אַ צאָרע.

דער דערשרעק האָט אָבער געדויערט בלויז אַ ווײַלע: מוליק האָט זיך גלײַך פֿון זיך אַליין דערמאָנט און אָנגעגאַנגען ווײַטער. און אַז ער האָט פֿאַרענדיקט, ווײַ, ווי מען האָט געקלאַפּט בראַוואָ. לאַבזיק קען דאָך ניט קלאַפּן בראַוואָ, האָט ער געהאָוקעט בראַוואָ.

אַזוי, ווי איר זעט שוין אַליין, האָט דאָס הינטעלע זייער האַנאָע געהאַט פֿון קאָנצערט, עפּשער נאָך מערער ווי די מענטשן. אָבער גייט ווייסט, אַז ס׳וועט זיך טרעפֿן אַזאַ זאַך.

יאָ, האָט מוליק, הייסט דאָס, אָפּדעקלאַמירט, און דערנאָכדעם האָט זיך אָנגעהויבן די שפּיל, וואָס אַלע האָבן שוין געוואוסט, אַז ס׳איז עפּעס ניטאָ קיין גוטער סאָף. אין דער שפּיל איז מוליק אַרויסגעקומען אָנגעטאָן ווי אַ מיינער מיט אַ לעמפּל אָפּן היטל. ס׳הינטעלע האָט אַפֿילע אין אָנפֿאַנג ניט דערקענט מוליקן, אָבער אַז ער האָט זיך גלײַך געכאַפּט, ווער ס׳איז דער מיטן לעמפּל אָפּן היטל, האָט ער פֿון גרויס געדולע אַ לייכטן בים געטאָן ריפּקעלען אין הענטל. אָף דערויף האָט ריפּקע אַ מאַך געטאָן, ווי איר טאַטע בערל וואָלט אַ מאַך געטאָן:

— אַ קאַפּאָרע, ס׳בײַסט גאָר, דער לאַבזיק.

דערווײַל, זעט ס׳הינטעלע, ווי מוליק דער מיינער רופֿט צונויף אַנדערע מיינערס, און ווי ער שטעלט זיך אָף דער באַנק, און ווי ער

גוט.״ גיט דער טאַטע בערל זיין בילעט, די מאַמע מאַלי אירן, מוליק און ריפקעלע זייערע. און לאַבזיק? לאַבזיק דאַרף ניט האָבן קיין בילעט. ער איז שוין פון לאַנג אינעווייניק. אַט וועט ער נאָך גיין האָבן צו טאָן מיט בילעטן, איך זאָג אייך. און דער אינעווייניק איז פול מיט טאַטעס, מאַמעס, קינדער. מען זיצט אַף די בענק. מען שטייט באַ די ווענט. פון דער סטעליע הענגען אַראָפּ רויטע סטענגעס פּאַפּיר. אַלע זיינען אַזוי פריילעך, און לאַבזיק האָט ליב, אַז ס׳איז פריילעך. אַלע קענען אים, אַלע רעדן צו אים, גלעטן אים, און ער, לאַבזיק, מאַכט זיך מעשוגע. שפּרינגט איבער מענטשנס פיס, קריכט אַרויף אַף דער פּיאַנע און האַווקעט פון דאָרטן אַפן אוילעם, כאַפּט אָן די לערערן באַם קליידל און וויל דאָס ניט אָפּלאָזן, ביז בערל מוז אָנשרייען אַף אים און זאָגן:

— אַ קאַפּאָרע, לאַבזיק, מאַך זיך ניט נאַריש.

נו, הויבט זיך אָן דער קאָנצערט. ס׳ווערט פינצטער אין זאַל. בלויז אַף דער קליינטשיקער בינע איז ליכטיק. און אַף דער קליינטשיקער בינע שטייען אויסגעשטעלט די קינדער פון דער שול; די אינגלעך אין ווייסע העמדלעך מיט רויטע שניפּסן, די מיידלעך אין ווייסע קליידלעך מיט רויטע שאַרפעס. די לערערן זעצט זיך באַ דער פּיאַנע די קינדער הייבן אָן צו זינגען שיינע לידער. און בעשאַס די קינדער זינגען, רופט זיך אָן די מאַמע מאַלי צום טאַטן בערלען:

— דו זעסט כאַטש, בערל, אונזער מוליקן, ווי דאָס פּאָנעם שיינט באַ אים? מיר זאָל זיין פאַר אים.

אַף דערויף האָט בערל געענטפערט:

— אַ קאַפּאָרע, פאַרוואָס זאָל דאָס פּאָנעם באַ אים ניט שיינען?

און ריפקעלע האָט דערווייל אַ זאָג געטאָן צו לאַבזיקן:

— דו זעסט, לאַבזיק, אונדזער מוליקן? מיר דאַכט זיך, אַז ער זינגט בעסער ווי אַלע קינדער.

אַף דאַרויף האָט לאַבזיק געענטפערט מיט זייער אַ שטילן: — האַוו, האַוו. ס׳הייסט, אַז ער שטימט איין.

לאַבזיק איז געווען זייער שטאָלץ מיט זיין מוליקן, און האָט גאָר אַנגעקוואָלן פון אים. און נאָך מערער שטאָלץ האָט זיך דאָס הינטעלע געפילט, ווען מוליק איז אַרויסגעטראָטן איינער אַליין און האָט דעקלאַמירט יאַסל קאָטלערס אַ ליד: „באַם פענצטער״. ס׳איז

— דערציייל מיר דעם סאָף — רופט זיך אָן דער טאַטע בערל.

— אַז ס'איז אינגאַנצן ניטאָ קיין סאָף — ענטפערט מוליק. — מען זינגט בלויז אַ ליד, און מיט דעם ענדיקט זיך.

— אויב אַ ליד, איז דאָך גוט — זאָגט דער טאַטע.

— טאַקע גוט — זאָגט מוליק, — אָבער יעדע שפּיל ענדיקט זיך מיט אַ ליד.

— נו, וועט זיך די שפּיל אויך ענדיקן מיט אַ ליד — מישט זיך אַריין די מאַמע מאַלי.

האַקלאַל, גייט מען שוין. מוליק פאַרויס, אַ ניט-צופרידענער, וואָס די שפּיל האָט ניט קיין סאָף. נאָך אים דער טאַטע בערל אין זיין נייעם רעקל. (ס'הייסט — ס'איז ניט ניי, נאָר ס'איז גוט אויס-געבערשטלט — קוקט דאָס אויס ווי ניי.) לעבן אים די מאַמע מאַלי מיט ברוינע הענטשקעס אָף די הענט. (אַפילע ס'איז וואַרעם אינדרויסן, אָבער די מאַמע מאַלי האָט זייער ליב צו טראָגן הענטשקעס. זי דענקט, אַז הענטשקעס טראָגן איז זייער אַ שיינע זאַך.) נאָך דעם טאַטן בערל און דער מאַמען מאַלי גייט ריפקעלע מיט לאַבזיקן. ריפקעלע אין אַ ניי רויט היטעלע.

ס'איז געווען אַ וואַרעמער אָונט אין דזשעקסאָן עווועניו. איז מען געזעסן אָף די סטופּס און בערל האָט באַ יעדן סטופּ געזאָגט:

— אַ גוטן אָונט אייך, אַ גוטן אָונט אייך.

האָט מען אים געענטפערט פון יעדן סטופּ:

— אַ גוטן אָונט אייך, אַ גוט יאָר אייך.

לאַבזיק איז דערווייל אַריינגעשפּרונגען צו מוישע-יוינען אין קענדי-סטאָרקע. לאַבזיק און מוישע-יוינע זיינען אַלטע גוטע פריינט. מוישע-יוינע איז אַ איד מיט אַ באָרד און מיט אַ ווייסן פאַרטעך. שמייכלט שטענדיק צום הינטעלע און רופט אים ניט לאַבזיק, נאָר לאַבזיק (מיט אָן אַ).

— אַ גוטן אָונט דיר, לאַבזיק. ס'קאַצל קומט.

און לאַבזיק דרייט מיטן ווידעלע, גיט אַ שמאַרע מיטן נעזעלע און לויפט צוריק אַרויס. דאָס האָט ער בלויז אַזוי געוואָלט אַ קוק טאָן, וואָס עס מאַכט זיין פריינט מוישע-יוינע.

האַקלאַל, קומט מען צו דער שול. באַ דער טיר זיצט דער סעקרעטאַר פון דער שול באַ אַ טישל און זאָגט: „בילעטן, זייט אַזוי

# לאַבזיק אַף אַ קאַנצערט



**אַל מען** יאָ מיטנעמען לאַבזיקן, צי זאָל מען אים ניט מיטנעמען? — אָט דאָס איז געווען די פֿראַגע.

בערל דער אָפּערייטאָר האָט געזאָגט:

— אַז אַ קאַפּאָרע, זאָל מען אים יאָ מיטנעמען.

די מאַמע האָט געזאָגט:

— האָסטו געזען אַזוינס? וואָס וועט ער דען דאָרטן טאָן? ער וועט דען פֿאַרשטיין?

מוליק האָט געזאָגט:

— וואָסי, איר קענט אים דען נאָך ניט, דעם לאַבזיק-קאַפּאַבזיק? ער וועט מיר נאָך אָנמאַכן צאָרעס.

און ריפֿקע האָט געזאָגט:

— וואָס הייסט, מיר וועלן אים ניט מיטנעמען? וואָדען, ער וועט זיצן איינער אַליין אין דער פֿינצטערער שטוב, נעבעך? אַזאַ טייערער לאַבזיק.

— אַ קאַפּאָרע, ריפֿקעלע איז טאָקע גערעכט — מאַכט דער טאַטע בערל און גיט דער טאָכטער אַ גלעט — וואָדען, אים איבערלאָזן אין דער פֿינצטערער שטוב, נעבעך?

אָבער מוליק וואָרפֿט זיך, ער איז עפּעס ניט צופֿרידן.

— האָסטו געזען, ווי ער וואָרפֿט זיך? — ווערט אַ ביסל בייז די מאַמע מאַלי אַף איר זון מוליקן — וואָדען, אים איבערלאָזן אין דער פֿינצטערער שטוב, נעבעך? — נעמט זי זיך שוין אויך אָן פֿאַר לאַבזיקן.

— ניט צוליב לאַבזיקן וואַרף איך זיך — פֿאַרענטפֿערט זיך דער אינגל — ס'איז צוליבן סאָף פֿון שפּיל.

— וואָס איז אַזוינס מיטן סאָף פֿון שפּיל? — וויל דער טאַטע בערל וויסן.

דערציילט מוליק אַ טרויעריקער, אַז די שפּיל, וואָס זיי פֿירן אויף באַם קאַנצערט, האָט זייער אַ שוואַכן סאָף. די קינדער זיינען ניט צופֿרידן מיטן סאָף, און די לערערן איז אויך ניט צופֿרידן מיטן סאָף.

•

אויך דעם צווייטן בוך לאַבזיק שענק איך אַוועק צו איטשע גאָלדבערגן
וואָס האָט געהאָלפן לאַבזיקן באַשאַפן ווערן.

•


209

# כאַוועל פֿאַוועל
# לאַבזיק



(צווייטער בוך)

**נאָך מייסעלעך וועגן קלוגן הינטעלע לאַבזיק**

•

צייכענונגען פון

**זוני מאָוד**

•

קאָאָפּעראַטיווער פֿאָלקס-פֿאַרלאַג
פֿון אינטערנאַציאָנאַלן אַרבעטער אָרדן

# כאוועל פּאוועל

# לאבזיק



(צווייטער בוך)

קאאפעראטיווער פאלקס-פארלאג
פון אינטערנאציאנאלן ארבעטער ארדן